## .1

איז מקוים געוואָרן די ברכה דעם זיידנס: ס'האָט די טאָכטער געבאָרן א מיידל, א פערל, א דימענט, אַן אייגנס א מיידל. נאָך דער אלטער נאָך זײַנער א נאָמען וועט זײַן:

— שולמית. זײַן שולמית.

געגאַנגען מיט איר איז ער דרײַסיק יאָר נאָכאַנאַנד, זאלבענאנד, האנט בײַ האנט, באהעפט און געבונדן אינאיינעם, איין גוף און נשמה. דרײַסיק ביטערע יאָר לײַדן און נויט. און געדוכט האט, מען עלטערט זיך ניט, און ווי אמאָל, און ביז צולעצט פאלט פון טרויער זיין קאָפּ און צו דער דראטווע אראָפּ, פאלן־צו אירע אָרעמס די צארטע צו אים אויף די אקסל, כאפן זײַן קאָפּ און ליפּן עס ריידן צו אים פון הארצן ארויס:

— שלמהעלע מײַנער!

ציט ער ארויס זײַנע אָרעמס צו איר, און עס ענטפערן ליפּן:

— שולמית פון ווײַנגאָרטן מײַנעם!

קיינמאָל ניט געקושט האָבן ליפּן. וואָס זײַנען קושן! מערנישט געפאלן אראָפּ זײַנען שטיינער פון הארצן, און אויגן צעשטערנט ווי נאכטיקער הימל, און ווידער געצויגן די דראטווע ארײַן און ארויסעט, און מיטן האמער געקלאפּט, און גוט איז און ניחא זאָל זײַן. און טאמער פעלט אויס א ביסן און קיין חלה און פיש

איז אויף שבת ניטאָ, איז נו! און הלוואי זאָל אויף ווײַטער און ערגער ניט זײַן. און ווי גאָט וועט געבן, אַזוי וועט מען לעבן.

פאַרגאַנגען, פאַרלאָזן אים האָט זײַן שולמית, אַוועק צו דער אמתער וועלט. האָט ער קריעה געריסן און שבעה געזעסן. אַ נר תמיד געצונדן סײַ טאָג און סײַ נאַכט. און געדוכט האָט זיך אים, עס הויכט לעבן אים איר נשמה אַרויס, דער שולמית פון ווײַנגאָרטן זײַנעם. זײַנע טרערן פאַרבאָרגן פון לײַטן האָט ער. און וואָס זײַנען טרערן, אַז דאָס האַרץ קלאָגט אין אים?! מערניסט נאָס זײַנען נאַכטיקע קישנס, און קיינעם דערציילט האָבן איינזאַמע ווענט פון בײַנאַכטיקע קרעכצן פון זײַנע, פון טאָגיקע רופן געשטיקטע:

— שולמית פון ווײַנגאָרטן מײַנעם!...

און שוין מער ניט געהערט האָבן איינזאַמע ווענט איר האַרציקן ענטפער:

— שלמהלע מײַנער!...

* * *

## 2.

וואַקסט זי, די קליינע שולמית, און ס׳לויפן די יאָרן. עס ליבט זי און קושט זי און צערטלט דער זיידע דער אַלטער. און אָט איז שוין בגרות. עס שײַנען צום זיידן די אויגן די גרויסע, די בלויע ווי האַרבסטיקער

הימל, און טיף און פארבאָרגן אונטער די ברעמען די שווארצע א טרויערל בלאָנדזעט ארום, צי עפּעס א בענקשאפט א לײַכטע, צי בליקן פון ליכטיקן ווינדער און אומעט. און ציין אָט ווי שנירעלעך פערל, געפּאסט אין די ליפּן, — צוויי רינגעלעך רויטע, און אין גאנג איז דאָס אײדל און שלאנק, ווי א בוימדל א יונג.

— זי! — קוקט אָן דער זיידע און זאָגט שטילערהייט:

— און ס'זאָל פעלן א האָר! זי, די שולמית פון ווײַנגאָרטן מײַנעם, זיי ווען חתן־כלה מיר זיינען געווען, און צו דער חופה איך האָב זי געפירט.

— זיידעניו ליבינקער מײַנער! פון וועלכער שולמית פון ווייגגאָרטן דיינעם דו רעדסט אלץ? ווער איז ד שולמית? און א וויינגאָרטן וואָס איז? ווי קומט וויין אין א גאָרטן, ווו קארטאָפל און ציבעלעס וואקסן?

קושט זי דער זיידע און נעמט זי ארומעט.

— דו ביסט שולמית פון וויינגאָרטן מיינעם! אזא איז די באָבעניו דיינע געווען. נאָך איר ביסט א נאָמען. צו לאנגע יאָר זאָל דיר זיין.

— זיידעניו ליבינקער מיינער! זאָג און דערצייל פון מיין באָבען, און פון וויינגאָרטן דיינעם. וויסן וויל איך.

— צום ערשטן א מעשה איך וועל דיר דערציילן פון א יידישן מלך פון שלמהען...

— פון א יידישן מלך? עס איז געווען דען ווען
א יידישער מלך.
— געוועזן, מיין קינד, איז דער יידישער מלך אין
דעם יידישן לאנד...
— איז דען געוועזן א יידישע לאנד ווען, זיידעניו
ליבער? א יידישע לאנד מיט א יידישן מלך?
— געוועזן, מיין קינד.
—זיידע, דערצייל מיר, דערצייל!...
— וויינטרויבן זיינען געוואקסן אין גאָרטן ביי שלמה
דעם מלך.
— וואס זיינען עס וויינטרויבן, זיידע?
— פירות אזעלכע, וואָס מען מאכט פון זיי וויין,
און לייטן פארזוכן זיי איין מאָל אין יאָר אום ראש
השנה, און מיר, יידן די פראָסטע, ווייסן אפילו דעם
טעם ניט. איז, הייסט עס, אין וויינגאָרטן שלמהעס
האָט א היטערין דאָרטן געהיט, איינע א יידישע מיידל
מיטן נאָמען שולמית. האָט זי מיידל דערזען דער מלך
און פארליבט האָט ער זיך אין דעם מיידל.
— זיידעניו! שיין איז דאָס מיידל געווען, די
שולמית?
— שיין אָט ווי דו ביסט, און ענלעך צו דיר.
פארשעמט זיך דאָס מיידל און פרעגט:
— און דיינער איז ווו, דער וויינגאָרטן דיינער
איז ווו, ווו די באָבע שולמית האָט דאָרטן געהיט?
ווו דו האָסט זי געפונען און דו האָסט זי געליבט?

— ניין, קינד מיינס, איך האָב קיין וויינגאָרטן קיינמאָל געהאַט, — ווי קומט א שוסטער צו א וויינגאָרטן האָבן! — אין הארצן אין מיינעם האָט א וויינגאָרטן שיינער געבליט פון ליבע און ליבשאפט צו לייטן. און איינמאָל איז אין וויינגאָרטן מיינעם א מיידל א יונגע ארייגעט מיטן נאָמען שולמית, און געליבט האָב איך זי און זי מיך, אוןביידע געליבטע פארבליבן אויף אייביק.

— זיידעניו!... — און ס'פאלן די בליקן פארשעמטע דער מיידלס אראָפּ — און איך וועל ווען קומען צו א וויינגארטן שיינעם און טרעפן וועל איך דאָרט שלמהען אזא?

— זיכער, מײַן קינד, ווען סטו קומען אהינצו, דיין באשערטן דאָרט טרעפן, דײַן שלמהען.

גייט דאָס מיידל ארומעט פארחלומט, גייט אום דאָס מיידל פארבענקט. און ניט צו פארבאָרגן די בענקשאפט, ניט צו באהאלטן באגערן.

און פון זיידן די בליקן פאַרשעמטע זי קערט און לאכט זיי פאלן אנידער.

.3

ס'האָט מערנישט דער זיידע דער אלטער איר בגרות געפראוועט און אָט איז שוין ח״י באלד, און לאנג לעבן זאל זי און געזונט זיין און קיין עין הרע ניט שאדטן, א בייז אויג זאָל זי פעלן. בענטשט זי דער אלטער און ווינטשט איך.

— צו שלמהען צו דיינעם אין וויינגאָרטן זיינעם זאָלסט קומען וואָס גיכער, מיין קינד! און א מתנה איז דיר פון דיין באָבען פארבליבן: קיין גאָלד און קיין פערל, — א ביכעלע נא דיר!

כאפן מיט ציטער די מיידלשע פינגער צעוויקלען דאָס רויטע סערוועטל און דריקן צום הארצן און ליפן עס קושן צעטומלט דעם ביכעלע קליינעם אין לעדער געבונדן.

— נאָך ליכטבענטשן פרייטיק צונאכטס האָט אים דיין באָבע געלייענט און פריידיקע טרערן געווישט האטביים לייענען.

כאפט דאָס מיידל און עפנט דאָס ביכעלע — אויף און לייענט. (עס האט איר די עברה געהאָלפן, דעם זיידנס באזארג):

שיר השירים.

לייענט דאָס מיידל דעם אויסטייטש, און דער זיידע קוקט נאָך.

שלינגען צעשטערנטע בליקן די שורות די ערשטע: כאפן מיידלשע אָרעמס דעם ביכל ארומעט און טראָגן אוועק צו איר מיידלשן ווינקל אריין.

ס'האט דאָס לעמפל ביים מיידלשן בעטל געקוקט און געהערט דורכן נאכט, ווי ס'האָבן די אויגן צעהעלטע די בלויע געשוועבט ערגעץ ווייט, און נאָכגעזאָגט האָבן די ליפן פארשמאכטע, און הויך אויפן קול אָטעם געכאָפּט האָט דאָס מיידל, — ביז וואַן.

א ניי־געבאָרענער שטראל האט זיך קינדיש פארבלאָנדזעט צווישן מיידלשע לעפלעך די מידע און געקושט זיי, געצערטלט און אָנגעקושט ליפּן, געשטרעקטע אין ערגעץ צו וועמען.

* * *

### 4.

גאנצענע טעג, און עס קוקט ניט צו לייטן דאָס מיידל. זי גייט שטיל ארומעט אין שטוב און אין גאסן. די בליקן געשטרעקטע און פריידיק־צעשטראלטע, און עפּעס זיי זוכן, די בליקן, און עפּעס זיי פרעגן, און עפּעס בענקענדיק ווארטן פון עמעצן ערגעץ אן ענטפער צו הערן.

ליפּן עס רופן.

און קומט זי צום זיידן,

פאלן די בליקן, און שולדיק זיי בלייבן, גלייך ווי עפּעס באגאנגען. ער ווייסט דאָך, דער זיידע, פון קלעמעניש־בענקשאפט פון אירער.

גליען זוניקע ווערטער פון ביכל, און צעפלאָמטע דאָרט שטייען געשריבן. וואָס רופן און ברויזן ציען זיך, שטרעקן זיך ליפּן און אָרעמס פונעם ביכל אַרויס, ווארעמע, הייסע צו איר, און פונדערווייטנס זיי הילכן צו איר אין איר הארצן אריין. צעשפּארט ווערט

איר הארץ פון די הילכיקע רופן, פון נאקעטע הענט אויסגעשטרעקטע, פון אָרעמס, וואָס צאפּלענדיק וואַרטן, פון ליפּן, געגרייטע צו קושן, און קושנדיק שעפּטשען:

— קוש מיך און האלדז מיך, מיין ליבער, ווייל שכור ווי ווייַן איז דיין ליבע!

פלאַמען אויף באַקן צעהיצטע, און געבויגן דער קאָפּ איז. פאַרשעמען זיך בליקן: זי די ערשטע, אַ מיידל א יונגע, בעט זיך ביים בחור ביים פרעמדן קושן זי זאָל ער. אָבער ווי שיין און ווי יונג איז דער בחור! ווייל זי, שולמית, זיינע ליפּן די הייסע זאַפּטיקן זאָלן און זעטיקן זאָלן אירע ליפּן פאַרשמאַכטע און אויסקושן זאָלן איר בענקשאַפט פון הארצן, און אַרויסקוועלן זאָלן דעם מיידלשן אומעט פון אויגן פון אירע.

און זי... עס וועלן אים קלעמען אירע די אָרעמס די הייסע, און כאַפּן דעם קאָפּ וועט זי זיינעם און דריקן צום הארצן און קושן די אויגן, די באַקן, די ליפּן, פאַרכלינען זיך וועט זי פון קושן.

און צו אים וועט זי זאָגן דערנאָך:

— נעם מיך אַרום און פיר מיך צו זיך אין דיין שטוב, מיין געליבטער, און דאָרטן וועט זיין

אונדזער פרייד מיט דיר און אינאיינעם באנאנד.
טונקל־סאמעט די באקן מיינע און דיינע, טונקל־בלוי
זיינען אויגן מיינע און דיינע, קעפ שווארצע האָר
זיינען מיינע און דיינע. פון איין פאָלק זיינען מיר,
פון דעם יידישן פאָלק, פון איין לאנד זיינען מיר,
פון דעם יידישן לאנד.

הערט זי, ער ענטפערט:

— שיין ביסטו! שענער פון מיידלעך פון אלע,
שולמית! שיין איז דיין האלדז ווי געטורעמט! א
גאָלדענעם האלדזבאנד מיט זילבער געפאסטן וועל
איך דיר אָנטאָן! מיט בלעטער פון לאָרבער, מיט
דימענטן־שטראלן דיין קאָפּ וועל איך קרוינען!

אירע אָרעמס און ליפּן, געשטרעקטע און אויגן
צעשטראלטע דערוואַרטנדיק הערן:

— שיין ביסטו שיין, מיין געליבטע! אויך דיינע
אויגן פון טויבן די צארטקייט! א בליענדיק רויז
צווישן שטעכלעך ביסטו צווישן מיידלעך דיין גלייכן!
דיינע ציין אָט ווי שעפּעלעך יונגע, וואָס אָקאָרשט
אַרויס פונעם וואסער.

מיד איז איר שטים, און זי ענפערט:
— קראנק אויף ליבע בין איך, מיין געליבטער!

לייג מיין קאָפּ אויף דיין אָרעם און נעם מיך ארומעט.
און דריק מיך צום הארצן צו דינם.
הערט זי ווידער, ער רופט זי:

— קום, שטיי אויף, מיין געליבטע, מיין שיינע! קום, לאָמיר גיין! דער פרילינג געקומען איז שוין! פויגל עס זינגען, און ס׳דופטן דיביימער. קום שוין, מיין טייבעלע צארטע! פון ליבע די צייט איז דערשינען!

— איך גיי, מיין געליבטער! און דיינע בין איך! און מיינער ביסטו!

—קום! איך ווארט דיך, געליבטע! דיינע אויגן כ׳וועל קושן די צארטע פון טויבן! דיינע האָר וועל איך גלעטן די ווייכע, ווי וואָל פון די בערגיקע ציגן. איך וועל קושן די ציין, וואָס ווי שעפעדעך ייייסע, וואָס האָבן זיך אָקאָרשט געבאָדן. ליפּן כ׳וועל קושן, וואָס ווי שטענגעלעך רויטע. זיסער פון וויין איז דיין ליבע, מיין כלה!

טונקלט און נעפּלט אין מיידלשן ווינקל. רופט זי, דאס מיידל:

— חברטעס מיינע! זאָגט און דערציילט מיר, ווו איז מיין געליבטער?

.5

— געגנוג שוין דיר טרוימען, שולמית, איינע אליין און מיט זיך. קום, לאמיר גיין צו די יונגע, וואס טרוימען אינאיינעם מיט דיר און באגלייך. מיר זאמלען זיך היינט עק שטאָט אינעם וואלד, שטילערהייט, און קום גלייך און באלד, ווי דער אָוונט עס פאלט.

מיט רייזלען געאָרעמט, מיט דער חברטע אירער, גייט זי, שולמית. א דריטער גייט איר נאָך פוס־טריט — דער, פון איר הארצן געטרוימטער.

אין שטילעניש ציטער א שטים א געשטיסקטע, און צו אלעמען גרייכט זי אין קעפ און אין הערצער אריין און דרינגט און צערודערט:

— אונדזער לאנד ווארט אויף אונדז, אונדזער וויט־נאָענט לאנד, אונדזער יידישע לאנד דאָס באליבטע. און עס רופט זיינע טעכטער און זין קעגן דעם שונא זיך שטעלן, וואָס לויערט מיט שווערד און מיט בלוט. און שטעט זאָל מען בויען און באפלאנצן די ערד. און אין וויינגערטנער גרינע, ווו יידישע יונגען וואַכנדיק ליבן און וואַכן, זאָל זיך טרעפן שולמית מיט איר שלמה באשערטן, געליבטן.

יידישע יוגנט! ווועמענס הארץ דאָס צעברויזטע עס רודערט, און רופט אייך פון פרעמדלאנד ארויס,

קומט, לאָמיר גיין! מעבדות לחירות! פון קנעכטשאַפט
צו פרייהייט! לאָמיר גיין! לאָמיר גיין!
— איך גיי! — פּלאַצט אויף די שטילקייט. —
איך, שולמית, וועל גיין!
— מיר אלע וועלן גיין! מיר אלע!
— גיין!... אלע!... — האָט געענטפערט דער וואַלד.

* * *

ים־ברעג און זוניקער הימל צעגליטער. א גאָלדענער שטראַל־וועג גערונצלט צו די באָרוועסע פיס אירע פאַלט. ליכטיקע כוואַליעלעך קלייגע שווימען שטיפעריש־צו, לאַשטשען זיך מילד, קושן קינדיש די פינגער, פלאַפלען שמייכלענדיק עפּעס אַריין, זיך צעשפּילט און אַנטלויפן צוריק.

זי זיצט ביי דעם וואַסער, געקלעמט מיט די אָרעמס די קני און געבויגן דעם קאָפּ. צאַרט זיינען אָרעמס, דער האַלדז א געטאַקטער, און דער קאָפּ ווי א קרוין. שלאַנק איז איר גוף, ווען ביים זיצן אפילו.

צי איך פּאַמעלעך איר דלאָניע צו זיך. הייבט זי דעם קאָפּ — אויף צו מיר, מיד און לאַנגזאַם און שווער, און אַלץ נאָך געבויגן זי בלייבט, און פון אונטער דער כמאַרע פון פּאַסעקלעך ברעמען די שוואַרצע, פון אונטער די וויעס די לאַנגע פאַלן צו מיר אירע בליקן, — בייזע פלעמעלעך בליצן פון טרויער און מאָנונג אַרויס, פאַרבענקטע און מידע.

פייכט ווערן בליקן און פאַלן צוריק באַלד און זינקען אין אָפּגרונט פון אויגן די טיפע. א ציטער א לייכטער צעשווידערט איר לייב, א געשטיקטער געוויין.

קלעם איך אין האַרצן מיין זיפץ. און ווערטער... מיט ווערטער אַוועלכע קאָן איך קומען צום טרויער צו אירן און עפענען קוואַלן פון האַרצן פון אירן? ריזלען מיט טרויער עס זאָלן פון איר האַרץ די צעעפנטע קוואַלן, מיט טרערן און ווייטיק. מיט וואָס, וויאַזוי זאַל איך שטילן די טרערן? און איר טרויער צעוויינען מיט וואָס?

— שושנה! — צו איר זאָג איך זיפּצנדיק־שטיל.

— דריי יאָר... פאַרלאָפן דריי יאָר זיינען שוין...

— דריי יאָר, זאָגסטו!... — פּלאַצט־אויף פון איר האַרצן א ריס. — דריי יאָר... און מיר דוכט: איין פינצטערע נאַכט איז אַדורך, א הענגענדיק־שווערע, א ציענדיק־לאַנגע און שוואַרצע, אָן וואָרט און אָן רוף, א מאַטערניש־אָפּגאַנג אין פינצטערן דויער, אין בלוטיקע טרערן פון האַרץ ניט געהיילטן, אין שטומעניש־עלנט, אין שווייגעניש־ריגל, קיין וואָרט ניט צו מענשן. וואָס קאָנען העלפן מיר מענטשן? מיט א קרעכץ און ניט מער.

קייקלען זיך, פאַלן צוויי טרערן ווי פּערל פון אירע אויגן אראָפּ צו די רוגוועלנשן אירע פון דעם אויבערשטן ליפּ. ווישט זי מיט דלאָניעס די אויגן.

— מיינע טרערן אין האַרצן פאַרבאָרגן איך האָב געטראָגן זיי. מיינע טרערן זיינען מיינע. ווער וועט מיר ווישן די טרערן?

פון זוניקן הימל צעגליטן פאַלט א גאָלדענער שפּליטער, א גינגאָלד צעוואָרעמטער שטראַל און דעם קאָפּ אירן צערטלט און גלעט און בלאָנדזעט אַרום איבער לעפלעך פאַרמאַכטע, וואָס האָבן דעם אָפּגרונט געשלאָסן. זוכט דער זוניקער שפּליטער א שפּאַרע אין לעפלעך, געפינט זי און שמוגלט אריין מיט א ליבשאַפט געשמייכל און צעגליט דאָרט די פלעמלעך־בליקן אין אויגן שושנהעס, און היינט ווי אַמאָל זיי פאַנגען מיט ליבשאַפט מיין האַרץ און פרעגנדיק בלייבן זיי הענגען צו מיר, איבער מיר.

טראָגט מיך אוועק מיין דערמאָנונג צום ווייט־נאָענט אמאָל, צו יונג־בחורשע יאָרן אוועק. אויף דער ערד אויף דער גייער ארויף זיינען מיר, פון „נחל" א גרופע א יונגע, סאמע ביים פיינטלעכער גרענעץ.

און באלד צווישן אלעמען אונדז האָט זי לייכטן געגומען, שושנה. לענגלעך און שטייף איר געזיכט, פון זון א געטונקלט, דער קאָפּ אויף דעם האלדז דעם געטאָקטן ווי א קרוין, און צום הימל געהויבן ארויף, שלאנק און קרעפטיק איר גוף און שוועבנדיק־לייכט, און דער עיקר: די אויגן מיט באפוילעריש־פלאמיקע בליקן, ווען די ארבעט עס רופט, ווען א סכנה עס פאלט, — רופן און מאָנען, באפוילן די בליקן צום הארצן צו דיינעם. און הארציקע, צארטע זיי שיינען, ווען זיי פאלן צו וועמען מיט ליבשאפט פון הארצן פון אירן. גייען אויס בחורים פארבענקטע, גייען אויס מיידלעך פאר קנאה. און מיר, די צוויי בחורים די גליקלעכע זיינען, אפרים און איך, מיט איר צו איין דריילינג געקומען, צו איר אונדזער בחורשן כבוד געשטעלט, מיט בחורשע הערצער געטרוימט, אינאיינעם מיט איר ביי דעם אַקער, אויף בערגיקע הויכן ביים וויינשטאק, אין ווייצענע טאָלן ביים זייען און שנידן, אין שטאלן ביים מעלקן און ראמען. דעם טאָג ניט צעשיידט מיט דער ביקס אויפן רוקן, שיסן געלערנט פון טאנק. און אין אָוונטן מידע זאלבעדריט און מיט חברה צום ווירבל־געטאנץ.

שלאנקער און צארטער און שענער און ליבער אויף דער וועלט איז ניטאָ פון שושנהען. און מיר

ביידע די בחורים, מיר האָבן געטרוימט און געבענקט און איינאיינעם געזיפצט פון שושנהען, און יעדער באזונדער, ווען בליקן צעפלאמטע שושנהעס, פון ליבשאפט צעוואַרעמט, פאלן צום צווייטן פון אונדז. רויטלען זיך באקן ביי איינעם, בלאסן זיך באַקן ביים צווייטן, און פרייד א צעבליטע ביי איינעם, און פרייד א צעשטערטע ביים צווייטן, דאס הארץ ווערט געקוואָלן ביי איינעם, דאָס הארץ א צעקלעמטע ביים צווייטן, בליקן צעשטראַלטע ביי איינעם, בליקן געפאלן ביים צווייטן פון די פלעמעלעך־בליקן שושנהעס. און ווער קאָן זי וויסן, און ווער קאָן עס גרייכן צום גרונט פון איר הארצן, ווער דער באשערטער איז דאָרטן, ווען אליין זי, שושנה, רייצנדיק שמייכלט און שווייגט.

פארגייען אין טרוימען צוויי בחורשע הערצער, אפ־רימס און מײַנע: צו וועמען וועט פאלן איר געהויבענער קקאָפּ, און וועמענס קאָפּ וועלן קלעמען און ציען צו זיך אירע אָרבעס די צאַרטע? און וועמענס ליפּן פאר־שמאכטע וועלן אירע קושן דערפרישן? וועמענס הארץ וועט פון אירן זיך קוויקן? און וועמען רופן וועט זי און אים זאָגן פון הארצן צעשטראַלטן:

— מיין באשערטער ביסטו! מיין געליבטער ביסטו! און דיינע בין איך! ביז מיין לעבן און דיינע!

אין שלאכט פארן יודישן לאנד, פאר דער יידישער היים, פארן יידישן פאָלק, פארן יידישן כבוד און רעכט געגאנגען אינאיינעם באדריט און באגלייך, איך, אפרים

און זי. דרייען אין טענק זיינען מיר. צוערש ניט דערלאָזט זי איר לעבן צו שטעלן, איז זי די ערשטע אריין צו דעם טאנק, צום הארמאט זיך באהעפט און א שיסער צו זיין מיט איר קריגעריש פאך. מיין הארץ האָט געצאפלט: ניט געגלויבט האב איך גאָר, אז ביים שטורמימישן דראנג וועט ניט פאלן איר מוט און ניט ברענגען א קרבן וועט די דעם טאנק מיט אונדז דרייען.

צעפלאמען די אויגן שושנהעס. און ביים טאנקישן גאנג, ביים גערודער און ברויז דערהער איך איר שטים:

— איך וועל דיך ניט לאָזן אליין, מיין אפרים געליבטער! אויף טויט און אויף לעבן מיט דיר וועל איך גיין!

— מיינע! מיינע אויף אייביק, שושנה, ביסטו! און דיינער בין איך! ביז מיין לעבן און דיינער!

צינדן די ווערטער באהארצטע שושנהעס מיין הארץ און מיין קאפ־אויף מיט פלאמען, און צעמישט ווערט אין זינען אין מיינעם דער קנאל פון געפאלענעם קויל און דער פייער צעפלאמטער.

— מיר ברענען! צעשרייט זיך שושנה. — דעם טאנק טו א קער פונעם וועג און אראָפ!

פאלט אפרים א טויטער. דעם רודער איך באפ און א קער אין דער זייט. אין מיינע ארעמס־אפרים. כ׳האָב קיין באוועג איון קיין הויך ניט דערפילט פון אפרימס דעם קערפער דעם טויטן. צו דער ערד אים געלייגט. א הארצרייסנדיק־ווילדער געשריי האָט צערודערט מיין הארץ. און ווי א שטיין איז געפאלן שושנה צו אים, מיט די אָרעמס געכאפט און מיט די ליפן געקלעמט צו

זײַנע ליפּן די קאַלטע, די טונקלגעוואָרענע ליפּן. און איז ליגן געבליבן פאַרגליווערט אַזוי. איך האָב זי געמינ־טערט, קוים געריסן פון אים, קוים צום לעבן געבראַכט.

און דערנאָך... װעגן און אומװעגן מײַנע, גע־פּלאָסטערט מיט טרויער, מיט בענקשאַפט באַגלייטע, װעגן, באַבליצטע מיט בענקשאַפט און טרוים.

און איצטער בײַם ים־ברעג, בײַם זוניקן הימל צעגליטן צעשטראַלן די בליקן שושנהעס מײַן קאָפּ, און מײַן האַרץ. דיזעלביקע זײַנען די בליקן, נאָר איבער די אויגן װאָל־קנדל טרויער עם שװעבט, אַ בענקשאַפט עם הענגט, אָן אָן־װעג, און אָן־אויסװעג און אַ מאָנענדיק רוף, ניט געזאָגט, ניט גערופן.װי אַ פאַרװורף אַ בײזער ער שײַנט.

— אײנע אַלײן ביסט געבליבן, שושנה? — פרעג איך זי שטיל.

— ניין, ניט אײנע אַלײן! — ענטפערט אַ זיפץ פון איר האַרצן אַרויס. — מיט אפרימען בין איך. איך טרויער מיט אים און אינאײנעם.

— און דײַן ליבשאַפט און פרייד איז מיט װעמען, שושנה?

— מײַן ליבשאַפט און פרייד?! — ענטפערן אויגן די טיפע פאַרבענקט און פאַרטרויערט.

בייגט זי דעם קאָפּ. און מיטאַמאָל טוען אַ קער זיך צו מיר אין די אויגן אַרײַן אירע צערודערטע בליקן. און שטיל־געפאַלן, װי שולדיק, זי פרעגט:

— מילא, איך. און װאָס אין דײַן טרויער, אברהם? און אײנער אַלײן גײסט אַרום אין דער װעלט?

— איך בין אויכעט באנאנד. אין מיין הארצן מיט מיר גייט ארום נאָך א מענטש, אן עלנט און איינזאם ווי איך. און איך טרויער מיט אים, און מיט אים און אינאיינעם איך טרוים.

— ביסטו גליקלעך, אברהם ? און געקוויקט ביסט מיט ליבשאפט און פריינד ?

— גליקלעך בין איך, ווייל דאָס אין מיין טרוים, מיין לעבעדיק טרוים.

— פרייד און ליבע און גליק מיט א טרוים, ווען אפילו א לעבעדיק איז ? ! מיט א טרוים קאָן מען טרויערן נאָר. א צאנקענדיק שיין איז א טרוים.

— צוויי ניט־אלצאיינע עם זיינען, שושנה, דער טרויער און טרוים. איינס איז, ווען עס פלאצט דיר א לעבנס־געדאנק, ווען דיין מיטגייער פאלט, ווען די כוחות פארגייען ביים מיטן וועג בארג־ארויף. בלייבסטו פאלן ביים שיין פון דיין צאנקענדיק טוים. און ביים טרויער דו בלייבסט. א צווייט איז, ווען עס שיינט דיר דיין טרוים, און עקשנות עס רופט דיך פאָרויס, בארג־ארויף, און אָנווער ביים גאנג דיין עקשנות פארמערט און דעם טרויער צעווייט.

קוקט אָן שושנה פארכאפט.

— איך באלאנג צו די צווייטע, שושנה. איך גיי בארג־ארויף מיט מיין טרויער און טרוים מיט עקשנות־דיק גאנג — צו בארגיקע הויכן. צום לעבן, צום שאפן און ווירקן איך גיי מיט מיין טרוים בארג־ארויף.

— און איך... צום אָפגאנג איך גיי... באר־אראָפ...

צום אומקום איך גיי... — שפּאַרט פון איר האַרצן אַרויס. — בלויז מיט מיין טרויער איך גיי, מיט מיין מיידלש־יוגנטלעך טרויער פון ניט־אויסגעקושטע קושן, פון פרייד ניט־דערפריידטער, פון ניט־דערוואַרעמטער היים, פון האַרץ ניט־דערהאַרצטן, פון ניט־געטראַגענעם קינד. פון ליידיקע אָרעמס...

איך גיי מיט מיין טרויער איבער מיין ניט־דערוואַר־טענעם טרוים.

— ווילסט בליי בן ביים טרויער ביי דיינעם, שונה?

און אַ ווײַלע אַ דערוואַרטנדיק שווייגן.

— צוויי לעבנס אונדז זיינען געגעבן, שושנה: דיר — אַ לעבן פון טרויער, מיר — אַ לעבן פון טרוים. און נאָך איינס לעבן, אַ דריטער, אַ פאַרשניטענער לעבן, וואָס מיט ונזדז גייט אַרום און שוועבנדיק לעבט.

און בעטענדיק־רופנדיק שטיל:

— שושנה! לאָז מיך גיין מיט דיין טרויער אינאיינעם. וואָס לעבעדיק שוועבט אַרום דיר. קומט ביידע אינ־יינעם לאָמיר גיין צו מיין טרוים, זאַלבעזדריט באַרג־רויף לאָמיר גיין. און אַ לעבן פאַרוועבט פון טרויער און טרוים.

— יאַ, זאַלבעדריט: דו און אפרים און איך.

ציטערט איך שטים, אַ צערודערט:

— אברהם! ..גיב מיר דיין האַנט...

צוויי זודיקע טרערן שושנהעס גליען מיין האַנט. אירע ליפּן צעפלאַמטע פאַרכלינעט ביים קושן און דריקן צום האַרצן מיין האַנט.

— וואָס ביסטו צערודערט, סאָלדאט? עס גייט דיר אָפּ עפּעס, מאָטע דער גאַרבער?

דו שווייגסט? יעדן מאָל פאַר דער שלאַכט איז געבויגן דיין קאָפּ. דיין האַנט ציטערט אויף ביים האַרמאַט פאַרן שיסן. דיינע בליקן באַגראָבסט. ווילסט דעם שונא אין פּנים ניט קוקן. זאָג, וואָס איז דיר, סאָלדאַט. ענטפער מיר, מאָטע־טאַנקיסט.

שווייגט ער, מאָטע לעוויט, די ברעמען געכמורעט. א ווייטיק צעקאַרבט אים דעם שטערן און גרייכט אין די אויגן אריין. ער טענהעט, און צו זיך רק ער רעדט:

— רעכט איז אָט דאָס אָט אזוי?

און אליין זיך ער ענטפערט:

— פאַר קיין פאַל ניט!

שוין א מענטש אין די פערציקער איז ער. א געזעצט און ברייטפּלייציק. צו די אַקסל דער קאָפּ זיצט אים נאָענט, און עטוואָס געבויגן דער רוקן. און די אויגן אָן חכמות. פּשוטע אויגן, וואָס זוכן קיין שטערן אין הימל. האַרציקע יידישע אויגן. א פריייד שיינט אין זיי, ווען מאָטע האָט וועמען א טובה פאַרשאַפט. דאַרפסט לאַנג ניט בעטן א טובה פון מאָטען. נעם וואָס דו דאַרפסט, נא וואָס דו זוכסט. פון האַרצן אוועק אַלץ וואָס דו פרעגסט, ווייל א ייד איז ער, מאטע, א פּראָסטער. אָט דאָס איז ער, און דאָס האָט ער.

און שלאַכט איז זיך שלאַכט. אז מען הייסט, מוז מען שיסן. און ווער ווייסט, פונוואַנען זיי קריכן אין זיין

קאפ און אין הארצן אריין די שווארצע מחשבות, וואָס נאָגן און קריצן אָן אויפהער. און דוקא ביים שיסן, ווען ס׳קערט זיך הימל און ערד אין א בלוטיק געוויטער, ווען עס בלענדן און וואָיען די קוילן פון די צערייצטע הארמאטן, גרייטע צעברעכן די וועלט, און די מענטשן צעטרעטן ארום, ווען עס קראכן צעפאלענע הייזקעס, אָך און וויי איז צו זיי, ווען עס צאַרענען קללות פון צעבלוטייקטע טאטעס און מאמעס, ווען קינדער אין בלוט גייען אָפּ, אומשולדיקע קינדער, ווען הינטער די הייזיקעס ביים וועלדל פאלן סאָלדאטן מיט ברוסטן און שארבנס צעשפאלטן צו דער אויף קברים צעכראס־טעטער ערד. קומט צו אים דעמאָלט, צו מאָטע דעם גארבער, און בלייבט שטיין פאר די אויגן זיין אייגענע הייזקע, זיין ווייב און די צוויי טעכטערלעך זיינע. זיי שטרעקן די הענט צו זיין טאנק און בעטן רחמים ביי מאָטען:

—טאטע, ניט שיס!...

פאלן פארשניטענע דייטשע סאָלדאטן, יונגע און אלטע, אָט ווי ער, מאָטע, אליין. פאר זיינע אויגן זיי פאלן אָט ווי געקוילעטע שאָף. זיי שטרעקן אויס הענט, און רחמים זיי בעטן. ער ווייסט מאָטע, זיכער ווייסט ער, אז שונאים זיי זיינען אלע ביז איינעם, אָבער מענטשן, נפשות זיינען זיי דאָך. מען טרייבט, און זיי גייען. לעבן ווילן זיי דאָך. איז ווי הרגעט מען מענטשן אוועק?! אויף א קאץ איז דאָך אויך א רחמנות! און בפרט נאָך אויף מענטשן.

פלאטערט־אויף אים דאָס הארץ, און זיין האנט פאלט

ביים שיסן ביי מאַטע דעם גארבער דעם פראָסטן.

— ביסט ווידער צערודערט, סאָלדאט, מאַטע לעוויט? ווידער ציטערט דיין האַנט?! דיין האַרץ טוט דיר ווי אויף פאשיסטן?

— אויף מענטשן דאָס האַרץ טוט מיר ווי! אויף אומשולדיקע ווייבער און קינדער!...

שוין פונלאַנג אַז זיי קענען זיך ביידע, נאָך פון איי־גענעם שטעטל. דער לייטענאַנט שלום פעלדמאַן און מאַטע לעוויט, מאַטע דער גראַבער. מיט מאַטעס יינגערן ברודער חברים געווען און געקאַוואַליעט אינאיינעם אין קוזניע, און ס׳דוכט זיך אפילו, גליד־גלידס־שוועסטערקינדער זיי זיינען. געדענקט ער נאָך, שלום, אין שטעטל האָט מאַטע קיין פלייש ניט געגעסן, ווייל אַ צער־בעלי־חיים איז דאָך, און רחמנות אויף מענ־טשן געהאַט, ווייל מענטשן זיי זיינען, און ליב געהאַט קינדער ווי דאָס לעבן אליין. קיין עולה פאַרטראָגן און אַ טובה טאָן לייטן ביז סאַמע דאָס לעצטע, וואָס אַ גארבער פאַרמאָגט.

און דאָ אויפן פראָנט, ווען עס פלאַמט־אויף די שלאַכט, הערצער עס ברויזן מיט טאַנקען אינאיינעם און עס קלעמען זיך פויסטן פון צאָרן, דעמאָלט צום לייטענאַנט פאַלן אויגן די פראָסטע, מאַטעס האַרציקע אויגן און רחמים זיי בעטן:

— קאָמאַנדיר! טו אַ טובה און הייס מיר ניט שיסן אין מענטשן! און וואָס האָט מען צו ווייבער און קינ־דער? גוואַלד, וואָס זיינען זיי שולדיק?

שטויסט זיך אָן שלום און שמייכלט צו מאָטען, לייגט די האנט אויף זיין פלייצע און ענטפערט אים שטרענגלעך, כמעט קאָמאנדיריש:

— ס'איז א פראָנט, מיין חבר מאָטע!

— אָבער...

— לאָז איבער אויף שפעטער דיין "אָבער" און געדענק: עס גייען פאשיסטן נעמען דיין לעבן, פארברענען אין אויוונס דיין ווייב און די קינדער. און אלעמענס ווייבער און קינדער. דערלאנג זיי, מאָטע, חבר מיינער, דערלאנג! אין זייער מאמען א רוח אריין! אין זייערע הערצער א פייער אריין!

בעט זיך מאָטע: ער וויל קיין שיסער ניט זיין! בלויז קוילן דערלאנגען וועט ער צום הארמאט.

ביים קנאלן און גרויל בלייבט מאָטע צעמישט: ס'דוכט אים, ער הערט דעם געשריי פון צעבלוטיקטע ווייבער און קינדער, וואָס רופן ארויס:

— שיס ניט! פארשנייד ניט!

קומט ווען א רואיקע שעה, און סאָלדאטן ווישן דעם שווייס פון געזיכטערס און זיך צעלייגט אויף דער ערד גלייכן אויס די פארגאנגענע גלידער און רוען א ביסל.

קומען צונויף אין א רעדל טאנקיסטן, חברים געטרייע: מאָטע, מיקאָלע, יאכים און זמיטראָק, אלע ווייסרוסישע ברידער, אלע פון נאָנטע דערפער און ש'זעטלעך. שוועבן געדאנקען ארומעט פון אייגענע כאטעס און הייזקעס אין היימישע ערטער, פון לייבלעכע מענטשן, וואָס ווער

ווייסט, צי זיי זיינעןביים לעבן נאָך אַלץ. כאַפּט ווער מיט מאַטען אַ שפּאַס:

— מאַטע! האָסט ביי די פעל פון געשאָכטענע בהמות געאַרבעט דיין לעבן. עס האָט דיר ניט באַנק געטאָן קיינמאָל אויף די געקוילעטע קי, וואָס האָבן נאָך לעבן געוואָלט?

טוט מאַטע אַ מאַך מיט דער האַנט:

— ס׳ אַ משל: אַ טאַרבע מיט פלעקער!

— וואָס וואָלסטו, מאַטע, געענטפערט, ווען עס פלאַ־קערט דיין שטוב, פון די דייטשן געצונדן, און עס ליגן דיין ווייב און די קינדער געקוילעט צום טויט? וואָלסטו דעמאָלט געשאָסן אין שונא?

אַ צעמישטער בלייבט מאַטע.

— איך זאָג דען, ניט שלאָגן דעם מערדער? אָבער פאַרוואָס זאָלן מענטשן זיין מערדער?

מאַטע בלייבט שווייגן אַ ווײַלע.

— און קינדער? וואָס זיינען שולדיק די קינדער?

— די וועלט ווילסטו שטעלן איוף אמת און יושר און קומען צו רוצחים מיט טענות?

— עס האָט מיך מיין טאַטע, דער גאַרבער דער אַלטער, געלערנט: אַ ייד איז געבאָרן צו ליידן, אַ גאַרבער — צו שווער האָרעוואַניע, אַ מענטש — צו זיין ערלעך שאַנעווען מענטשן און טובות טאָן מענטשן. און מיט פרייד און מיט ליבשאַפט זאָלסט קומען צו מענטשן. און אַזוי אין מיין לעבן געווען. איז פאַרוואָס זאָל איך זען נאָר פיינטשאַפט פון מענטשן?

שטייט־אויף שלום, דער קאָמאַנדיר:

— און מיך האָט מיין טאַטע דער קאָוואַל געלערנט: געדענק, מיין זונאָק: מיט אייזן אַקערט מען פעלדער, און פון אייזן שמידט מען אַ שווערד. אַ מענטש איז אַ חיה, און אויף צוויי זאַכן געבאָרן: אויף האַרעוואַניע און רויב. אַקער מיט שווייס, מיטן האַמער פאַרדין זיך דיין ברויט, און דעם רויבער האַק אָפּ די הענט מיט דער שווערד. ניט געלאָשן דער האָרן און דער האַמער צום האַנט. ניטאָ קיין רחמנות אויף מערדער. ניט מענ־טשן, ווילדע חיות זיי זיינען. און דער, וואָס בלייבט רואיק צו מערדער, איז אַ מערדער אַ שטילער אַליין...

און ניט ווערט, וואָס עס טראָגט אים די ערד.

— הער אויס, קאָמאַנדיר! — מיט דערווידער שטייט מאָטע. — און טאַטעס און מאַמעס וואָס זיינען זיי שולדיק? און ווייבער און קינדער?

— די טאַטעס און מאַמעס האָדוועון קינדער פאַר מערדער צו זיין און עס העלפט זיי אַ מערדערשע מאַכט, וואָס טרייבט זייערע מערדער צום מאָרד. די שווערד איז צוביידן געמאָסטן: צו דער מערדערשער מאַכט און צו די מערדער באַגלייך.

* * *

.2

גייען טאַנקן פאָרויס, באַפרייען ווייסרוסישע ערד.

אָט העלן זיי שוין די בעראָזענע וועלדלעך. יונגע בעראָזקעלעך שטייען פאַרצויבערט אין פרילינג־פאַר־נאַכטן. יונגע כלות, געפוצטע אין ווייסן, און צו די

פיס פרישע לאַנקעס, — טעפּיכער גרינע. טרוימען טאַנ־קיסטן, בענקען טאַנקיסטן אויפן גראָז צו די פיס ביי די יונגע בעראָזקעס:

אין און וואָס איז אין אונדזערע כאַטעס? און וויאַזוי איז אונדזערע היימען?

ווארעמע הענט און צערודערטע הערצער צעפּראלן די טירן או פענצטער פון פויערשע כאַטעס. און צו די טאַנקיסטן אנטקעגן אָרעמס געשטרעקטע און טרערען:

— בראטקעלעך! אויסלייזער אונדזערע זייט איר!

קעפּ און אָרעמס און ליפּן צו סאָלדאַטישע העלדזער עס פאלן.

— א קריגעלע קאַלטינקע מילך! ערשט פון קעליר ארויס!

— א שעפּעלע מילך סיראַדאָי, ערשט פון דער בהמה געמאָלקן!

— א לוסטעלע פרישינקן ברויט, הייַנט אינדערפרי אין דעם אויוון געבאַקט!

— א קארן־ציבולניק מיט קאַנאַפּליעס פריש!

מישן זיך טרערן מיט קושן אינאייינעם. און פון דאָרט, פונעם ביי־וואַלד ארויס א רויכעלע שלענגלט, א באַרשטשענע פארע עס שפּארט, און דערווייל, ביז דעם ווארמעס און צווישן צוויי שלאַכטן רוען און בענקען סאָלדאַטן און בריוולעך זיי שרייבן און טראַכטן געמיטלעך און הויך אויפן קול:

— חבר קאָמאַנדיר! — קערט אויס מיקאלע די העל־גרויע אויגן פארבענקטע פון אונטער די

געלבלעכע ברעמען. — דערקענסט די ווייסרוסישע היים ?

— יאָ, מיקאָלע בראַטאָק! מיין האַרץ פריידט זיך שוין שטאַרק.

— ווען גרייכן מיר שוין צו די היימען ? — רופט דער פאַרבענקטער יאַכים.

— און אונדזער שטעטל... — זיפצט מאַטע שטיל.

— חבר קאָמאַנדיר! — קווענקלט מיקאָלע. — פּופּצן קילאָמעטער פונדאַנען אונדזערע כאַטעס עס שטייען, און אַכצן איז ביז צו דיין שטעטל... מיט פוסגייער־סטעזשקעס צו גיין מיטן וואַלד... דאָס האַרץ גייט מיר אויס, כאַטש אַ ווײַלינקע נאָר דאָרט אַנקוקן מיינע, מיין ווייב און מיין קינד... איך מיין, אַז דו אויך...

וואַרטן סאָלדאַטישע אויגן פאַרטאַיעט.

— בראַטקאַ מיקאָלאַ! עס שטייען די דייטשן נאָך דאָרטן ניט ווייט אַ געפערלעכער גאַנג איז עס דאָך.

— מיט דיר, קאָמאַנדיר, איז אונדז גאָרנישט געפערלעך. חברה איז גרייט און איז זיכער מיט דיר. מיט סטעזשקעס, מיט וואַלדיקע ביי־גענג. איך טרעף דאָ דעם וועג, ווען אַפילו אַ בלינדער איך בין.

— נו, דאַבראַ, בראַטי! און גרייט זאָל מען זיין! מיטן שטאַב וועל איך מיטשטימען אַלץ. עס וועט הייסן: צום אויסשפּיר מיר גייען.

ער אַליין, שלום, איז אַן אייגענער מענטש אין דעם דאָזיקן וואַלד. וועגן און שטעגן געפינטט ער, ניט געקוקט, ניט געטראַכט, ניט געזוכט. זיין צווייטע היים

אין דער וואלד. פון יינגלווייז דאָ אויף דיביימער נאָך האָניק געקלעטערט,ווילדע עפל און בארלעך געריסן, מיט דלאָניעס צוקאַפּנס אויף וואלדיקער ערד זיך געוואלגערט, און געקוויקט זיך דאָס הארץ מיטן ביימער־גערויש, מיטן פויגל־געזאנג. און שפעטער־צו בחורווייז שוין זיינען ביימער די עדות געווען צו זיינע קושן די ערשטע ביים ציטער און צויבער פון ליבע, וואָס ער האָט דעמאָלט געפירט מיט זיין סאָרקען. ער, שלום דער שמיד־יונג, מיט דער נייטערקע סאָרקען, מיט איר, מיט זיין סאָרקען, א לעבן געמאכט, א טאָכטער געכאָוועט א פראכט, די בת־יחידהעלע זיינע, קאפּענע סאָרקע, אירע ליכטיקע אויגן העל־גרויע צעשטראַלטע, מיט יידישן חן אין די באקן, מיט גריבעלעך־חן. עס דארף איר שוין ווערן באלד זיבן. זיך לערנען אין שול איז שוין צייט איר צו גיין.

שלום זיפצט אָפּ. אים אויפן הארצן פארבאקט איז ביז היינטיקן טאָג דאָס געזעגעניש זיינס פארן גיין אויפן פראָנט. אירע הענטלעך עס קלעמען זיין האלדז, און וויינענדיק בעט זי:

— טאטינקע מיינער! ליבינקער, הארציקער מיינער! איך האָב דאָך דיך האָלט! זייער־זייער! ניט גיי אויפן פראָנט! איך וועל דיך ניט לאָזן!

— סאָרקעלע מיינע! דינהעלע מיינע! — זיפצט שלום שווער.

אין וואלד צווישן ביימער שטייען טאנקען, אין שאָטן געהילט. אין א זייט ביי דעם עקיקן טאנק זיצן

די פירן — מיקאַלע און מאַטע, יאכים און זמיטראַק, קלעמען די ביקסן און האַרכן זיך איין, געצויגן די קעפ, אַוונטלעך איז שוין, און צייט איז לאָזן זיך גיין. ער שפעטיקט זיך עפעס, דער קאַמאנדיר. עס האָט דעם וועג אים פארהאקט אונדזער שטאב? און אפשר חרטה געהאט? ניין! ניט דער מענטש פון חרטה איז ער. און געפאר איז זיין לעבן.

א שארן פון טריט. זיינע עס זיינען, זיכערע, דרייסטע און גיכע. זיין סאָלדאטישער ווענד דער פון אלעמען אונדז דער באליבטער:

— בראטי! כוטקא דאַ נאשיך!

אַ באוועג אלע פיר מיטאמאַל. און אעווק. מיט שאָטנס און ביימער צעמישט זיך. דער ערשטער מיקאַלע, נאך אים אלע פיר, איינער נאָך איינעם געקייטלט. און באלד — א קער און א ווענד צו א סטעזשקע א שמאָלער ארויף.

א וועג איז א וועג, און ער זאגט זיך ניט גלייך. הערן דארף מען און שטילן דעם אייגענעם טראָט. א פרעמדן נאר הערן. קיין וואָרט ניט, קיין ציגארל מיט צימדן. און געדענקען: דער שונא עס לויערט און שפירט. און ווען א פארדאכט איז בלייבן שטיין, צו די ביימער געטוליעט ביז צום באפעל. שפאנען סאָלדאטן אין וואלדיקן אומרו מיט הערצער צערודערט, מיט א נאגעניש־בענקען.

דרעמלען דאָרפישע כאטעס אין גרויליקן אומרו.

קוים מען דערקלאפּט זיך, קוים מען דערקענט זיך. אזוי אומדערוואַרט איז, אומגלויבלעך אזוי.

— שטיל, מיינע ליבינקע, שטיל! עס קאָנען פּאַשיסטן דערהערן.

כאַפּן פאַרצאַפּלטע טאַטעס און מאַמעס די זין, פאַלן־צו האַלב־געחלושטע ווייבער מיט צענומענע אָרעמס צו מאַנען, בלייבן קינדערלעך הענגען אויף העלדזער ביי טאַטעס.

— באַלד, טייערע, באַלד! מיר וועלן באַפרייען אייך באַלד!

די נאַכט האָט פאַרהילט א סאָלדאַטישע טרער., מיטן אַרבל געווישט. די נאַכט האָט פאַרבאָרגן א פרײדיקן בליץ אין סאָלדאַטישע אויגן פאַרבענקטע. שפּאַנען סאָלדאַטן אין פרײדיקן שווייגן. מערנישט יאַכים אין דער שטיל:

— עך! ווען וועט עס קומען צו די היימען צוריקגיין! הערצער סאָלדאַטישע זיפצן אים קעגן. און געענטפערט איז שוין.

— צום שטעטל, בראַטי! — קאָמאַנדעטעט שלום.

ביי שלומען רוט ניט דאָס האַרץ. באַלד קומט ער צו צו זיין שטיבל און קלאַפּט שטיל אין פענצטערל קליינעם. ער הערט, סאָרקע שפּרינגט פון איר בעט, לויפט באָרוועס צום פענצטערל־צו, ער רופט זי ביים נאָמען. קערט זי דעם פאָרהענגל אָפּ און פלאַצט־אויף מיט א פרײדיק־צערודערט געשריי:

— שלום!

דאָס קינד כאַפּט זיך אויף. און באַלד בלייבן ביידע אין די אָרעמס אין זיינע.

מאָדנע לאַנג, אַז עס ציט זיך דער וואַלד. צוויי קילאָמעטער איינגאַנצן, אַ האַלבע שעה גאַנג, און אַלץ אַז מען גייט נאָך. און אָט איז שוין ביי־וואַלד. מיט פייערלעך קליינע עס דאַרף שוין דאָס שטעטל דערשיינען. צעפינקלען זיך נאָענט מיט וואַרעמע בליקן פון לעמפּעלעך קליינע. און אַפּהילכן ווייטע פון יוגנט־געזאַנגען אין דער וואַרעמער נאַכט דאַרפן קלינגען.

אַ פינצטערעניש. קיין פלעמל ניטאָ אין קיין שטיבל. קיין געוויין פון אַ קינד. קיין מוטערס גערוף. קיין יוגנטלעך שטים. קיין מיידלש געזאַנג.

מערנישט דאָרט ווייט, הינטער טייך אויף קאַרפּיל, צעפינקלט די פלעמלעך אין הייזקעס, אויף אירע געדערים צערייסט זיך אַ טויט־שיכור האַרמאָן צו אַ האַפּקע אַ טאַנץ, רעוועז געזאַנגען אין נאַכטיקער לופט.

אין געשטאַרבענע געסלעך פאַלדאַטישער טראָט. כאַפּן־אויף עלנטע פענצטער אַ פרעג און אַ רוף פון דעם אומרואיק האַרץ:

— און וווּ זיינען מענטשן? וואָלט כאָטש אַ כראָפּען זיך הערן, אַ קרעכץ פון אַן אַלטן, אַ קינדיש געכליפּ.

אַ צעמישטער בלייבט שלום, און צו מאָטען ער זאָגט:

— מאָטע! אַן אומגליק, אַ בראָך איז געשען!

ענטפערט ניט מאָטע, פאַרקערעוועט רעבטס צו אַ געסל און ציט די סאָלדאַטן נאָך זיך. אָט איז זיין

שטיבל, דאָס דריטע פון ווינקל. וואָס איז אָפן דאָס טירל פון טויער? אויף הפקר געלאָזן דעם הויף, מען קאָן נאָך באַגנבענען אויך. צעפּראַלט איז די טיר פונעם שטיבל, צו די קני שפּאַרט א מעבל צעבראָכן, פּלאָנטערט א קלייד ביי דער שוועל,

— חנה! ביילקע! ריוועלע! — צערעוועט זיך מאָטע.

פון שלומס לעמפּל א שיין פאַלט. לויערט א שטילקייט א טויטע אין שטיבל. צעשפּאָלטן, צעבראָכן, צעשפּליטערט ליגט, וואַלגערט זיך אַלץ, שופלאָדן צעליידיקט, און נאַקעטע ווענט קוקן־צו.

אין מיטן דער שטוב איז געבליבן שטיין מאָטע. געפאַלן די הענט און געשאָקלט דעם קאָפּ.. און געשטומט האָט ער לאַנג אין שטומעניש טויטער.

— גוואַלד! — האָט פון הארצן א ריס געטאָן מאָטען. און זיך געכאַפּט פארן קאָפּ.

— מאָטע! צאַפּלט־אויף שלום. — קוק נאָר אהער! איבער דעם קינדס ווייסן בעטלע צעפּלאַמט איז א שנירעלע בלוט, בלוטיקע טריט אויפן דיל.

— דערהארגעט! דערהארגעט מיין קינד! וואָס האָט מען געהאַט צו מיין קינד?! — ברעכט אויס מאָטעס א כליפּענדיק שטילער געוויין.

— קום, מאָטע! קום, סאָלדאַט, לאָמיר גיין! — בעט זיך שלום ביי מאָטען. — צו מיין הייזקע. קומט, חברים!

— וואַרט א ווייַלינקע נאָך, קאָמאַנדיר! — בעט

זיך ווײנענדיק מאַטע — זאָג מיר, פאַרוואָס און פאַרווען?

— בעסער ענפער מיר דו, מאַטע דער גאַרבער: וואָס טוט מען צו די, וואָס האָבן דערהאַרגעט דײַן ווײַב און די קינדער? וואָס שווײַגסטו? איך פרעג דיך!

געסלעך און פאַרקנס און פּלויטן. טאַפּט שלום דער ערשטער דעם וועג.

— מײַן שטיבל! גיט אים אין האַרצן אַ זעץ. מאָדנע שטיקט אים דאָס האַלדז. ער, דער סאָלדאַט... טרערן... און בײַ די פענצטער ער רופט:

— סאָרקעלע! דינהעלע, טאָכטערל מײַנע!

אַ שפּרונג־אויף צו די טרעפּ און אָן עפן די טיר.

— ליידיק! ניטאָ זיי!

אַ סטענגע אַ רויטע צום דיל. קעמעלעך ווײַבערשע ליגן צעוואָרפן, אַ צעבלוטיקטע טיכל עס פּלאַמט... ווײַזט אויס, געשלאָגן ביז בלוט, געשלעפּט פאַר די צעפּ...

— מײַן בלוט! מײַן לײַבלעכע בלוט! — צעשרײַט זיך ווילד שלום. — מערדערשע בלוט וועט זיך גיסן!... פאַר מײַן בלוט און פאַר אַלעמענס בלוט!... קומט, חברים!

פון אַ לאָדן קעגנאיבער, דורך אַ שמאָלער שפּאַרונע אַ פּלעמעלע שלאָגט זיך צום דרויסן אַרויס, און פון אינווײַניק אַ בעטנדיק שטים, גלײַך רחמים עס בעט זיך דאָרט ווער.

— ס׳איז פעטראוויטשעס שטוב, דעם הארציקן שוסטערס דעם אלטן. ער דארף עס וויסן.

שטיל קלאפט אָן שלום אין טיר, איין מאָל, א צווייטן, פאמעלעך. אינווייניק שלעפן זיך ווייבערשע טריט צו דער טיר, און א צעשראָקענע ווייבערשע שטים:

— וואָס דארף מען?

— אנטאָנאָווגא, הארציקע, עפן! שלום דיין שכן עס בעט דיך.

ציען צוריק זיך די ווייבערשע טריט, די טיר ניט געעפנט. א שטילקייט געשפאנטע. טאָפּען שווערע באשטיוולטע פיס, און א מאנסבלשע שטים, די באקאנטע פעטראוויטשעס שטים, געבראָכן און הייזעריק רופט:

— וואָס דארפסטו?

— פעטראוויטש בראטאָק! ס׳איז שלום פעלדמאן, דיין שכן. דערקענסט מיך דען ניט?

פעטראָוויטש עפנט די טיר. און ביים שיין פונעם לעמפל אין שפארע דערשיינען פעטראָוויטשעס הארציקע אויגן די אלטע.

— בראטקא שלום און דו, מאָטע! איר זייט ביידע ביים לעבן?... מען האלט אייך ביידן פאר טויטע שוין לאנג.

— עס זיינען חברים מיט מיר דאָ, סאָלדאטן, ברידער פון שכנישע דערפער. מעג מען אריינגיין, פעטראָוויטש, צו דיר?

— קומט אריין, ברידערלעך מײַנע! אָנגעלייגט איז אייער קומען צו מיר.

א קנייטעלע צאַנקט אין א פלעשעלע נאפט. דער טיש קוים באַלויכטן. אין לעדערנעם אײַנבונד א בוך א צעעפנט און ברילן אין דראָטן געראַמלט. א ריח געדיכטער פון יוכטענעם לעדער און שוכוואַרג גענוצטן. הינטער דעם אויוון צעזינגט זיך א גרילצער.

— בראטקא פעטראָוויטש, איך בעט דיך, ווו זײַנען אונדזערע אַלע פון שטעטל? ווו זײַנען מײַנע? וואָס איז געשען?

— אוואָי, שלום בראטקא טי מאָי! אוואָי, אוואָי! — צעוויינט זיך דער אַלטער אין א כליפּענדיק ציטער געוויין. — היינט אינדערפרי... אַלע יידן פון שטעטל... דערהאַרגעט... דערמאָרדעט... די קאַרפּילאָווער אַלץ. עס האָבן זיי ביקסן די דײַטשן געגעבן. יידן שלעפּן גענומען פון הײַזער ארויס, געבראָכן די ביינער, געשפּאָלטן די שאַרבנס, געשטיקט און געוואָרגן אַלטע און קינדער. ס'האט דאָס שטעטל געיאָמערט, גערופן צו גאָט, צו די זין די סאָלדאַטן:

— זון מײַנער, ווו ביסטו? דיך אַרט ניט, וואָס מען פאַרגיסט אונדזער בלוט?

— טאַטינקע מײַנער! ראַטעווע אונדזער מאַמען און מיך! איך האָב דאָך דיך זייער־זייער האָלט!

— טאַטע אין הימל! ראַטעווע דײַנע אומגליקלעכע קינדער!

— און דערנאָך, — זאָגט פּעטראָוויטש. — צו דער אלטער ציגעלניע געטריבן האָט מען, אין די ליים־גריבער טיפע געשליידערט, געשאָסן אין זיי און פארשאָטן מיט ערד, אפילו די, וואָס האָבן געאָטעמט ביים לעבן.. גלייכצייטיק האָבן רוסישע ווייבער געראבעוועט יידישע הייזער, געשלעפּט און געטרייבערט דאָס יידישע גוטס ווי די צעיושעטע וועלף.
פארן קאָפּ כאפּט זיך שלום.

—פארשפּעטיקט! פארשפּעטיקט האָבן מיר! טאטעס און מאמעס פארגעסן, ווייבער און קינדער פארוואָרלאָזט! א שטעטל מיט יידן אויף הפקר געלאָזן דעם מערדער! ווײ, ווײ!

און פון שווייגן געדריקטן רופט ער זיך אָפּ, שלום:
— פּעטראָוויטש! וויפל דייטשן עס שטייען אין שטעטל?
— ביי א ראָטע.
— זייער אויפהאלט איז ווו?
— היגטער טייך, אין קארפּיל.
— און געווער וויפל האָבן זיי דאָ?
— לייכט געווער.
— אָט וואס, פּעטראָוויטש: וועגן אונדז קיינעם קיין וואָרט ניט!

— שלום בראטקא, זיי זיכער! דו קענסט מיך!
— בראטי! צו דער אלטעאר ציגעלניע! — קאָמאנדעוועט שלום.

* ✶ *

.3

יאָגן שלום מיט מאַטען אין שפּאַן און געאייל, און אראָפּ, ווו די ציגל־גאַס איז. צו די פּיס — רעשטלעך פון יידישן לעבן: אָנטועכץ אלטע, שיך און שיכלעך צעוואָרפן, זעקלעך מיט עפּעס געשטאָפּטע, טיכלעך, פּאַטשיילעס צעדרייטע. ספרים קליינע און גרויסע, נאָך זיי די סאָלדאַטן. גאַסן און געסלעך און אַ זעקעלע מיט עפּעס הארטעס איז דאָרטן. אין געאייל און געשאַפן בייגט זיך אין מאַטע, הייבט דעם זעקעלע אויף, טאַפּט אים דן, א פּאָר תפילין איז דאָרט. צו די פּיס בייגט זיך איין שלום, עפּעס א לענגלעך איז דאָ, א קיילעכיקס, הייבט ער עס אויף און צערודערט ער רופט:

— מאַטע! מאַטע! א ספר תורה זאָל עס זיין? ווייזט אויס, מיט דער ספר תורה אינאיינעם געקלעמט און געפאַלן, פון די הענט ניט געלאָזט זי, ביז די מערדערשע ביקס ניט צעשיידט האָט זיי, דעם יידן מיט זיין ספר תורה.

— בלוט קאָן צעשיידן דעם יידן מיט זיין ספר תורה! — זאָגט מאַטע צערודערט.

— מאַטע! מיר קלעפּן זיך עפּעס די הענט. נעם מיין לעמפּל און לייכט מיר א ווייליקע־צו.

און ביים שיין פונעם לעמפּל כאַפּט זיך שלום:

— מאַטע! בלוט אויף די הענט! די ספר תורה א צעבלוטיקטע איז: ווייזט אויס, געראַנגלט ביז בלוט האָט דער ייד זיך איבער זיין אייביקן אייגנס...

— מאַטע! — זאָגט שלום געריהרט. — איך גלויב

ניט אין גאָט. איך גלויב אין דעם יידן, וואָס ראַנגלט זיך בליטיק פאַר זיין הייליק געדאַנק, פאַר זיין נשמהעדיק לעבן. אַ פאָלק פון געראַנגל זייַנען יידן, און דעריבער אַן אייביקע פאָלק. געווען און געבליבן און וועלן זיין אייביק.

און אין גאַנג און געאייל לאָזט ניט אָפּ שלום:

— קום גיכער, מאָטע! ס'איז נאָך אפשר ניט שפּעט. מעגלעך, זיי זשיפּען נאָך דאָרט... שטיי, מאָטע, דאָ ערגעץ דערביי דאַרפן זיי קומען, די גריבער. איך געדענק זיי פון קינדווייז... איז ווו זיינען גריבער?

— אַ ראַנד איז אָט, שלום. זעט אויס, אַז דאָ איז.

— הרודעס עס זיינען, געבערגלט אין קופּעס.

— שלום, בראַטקע! — צעשוידערט זיך מאָטע. — דאָ! דאָ ליגן זיי! הענט און אברים עס שטעקן אַרויס... קום גיכער אהער! זיי זשיפּען נאָך דאָרטן, זיי גוסעסן דאָרטן...

זינקען די פיס צווישן לייבער. עפּעס הוידעאַט זיך דאָרט, עפּעס קערט זיך אַרויס... אײ! אַ צעשפּאָלטענער שאַרבן, אַ צעבלוטיקטער... ניט צו דערקענען... אַ צעבראָכענע האַנט שטעקט אַרויס... אַ ווייבערש געזיכט, ענלעך צו... אַ קעפּל אַ קינדיש צום האַרצן געקלעמט... אַ גרייז־גרויער קאָפּ, דער של ראש רוט אויף אים, געלעכערט מיטן קאָפּ און אינאייינעם אויף דורך,...

— מאָטע! מאָטע! שטילער אַ ווײַלינקע! שטיל! אַ שטים! אַ קינדעריש שטים! לאָמיר פויזען אהין. דו הערסט? הער זיך איין. אַ לעבעדיק קינד... מעגלעך דינהעלע מיינע... קום גיכער!

— עס דוכט זיך דיר, שלום...

— מאַטע, דו הערסט ? א קינדעריש כליפען... קוים־קוים...

— עס פארגייט זיך ביים שטארבן אַ קינד...

— שלום, דיר דוכט זיך. א נאכט־פויגל איז דאָס.

— א קינד רופט, מאַטע ! דו הערסט :

— מאַטע ! ס'איז אי שטים ! מיין טעכטערלס דינהעלעס שטים... אזוי פלעגט זי רופן די מאמען צו זיך.

איבער גופים, וואָס זיינען נאָך ווארעם, און עס דוכט זיך, עס הויכט נאָך אן אָטעם פון זיי, קריכט שלום און פויזעט דער ערשטער צום קינד. מיטן לעמפל א שיין, — א קעפעלע שטעקט פון דער ערד. הויכט שלום אראָפּ פונעם קעפל די ערד, פון די לעפלעך פארמאכטע צע־בלאָזט, פון די קינדערשע ליפן אראָפּ, מיט פיבער אין פינגער צעגראבלט די ערד ארום פונעם קינד, און דעם גופעלע ציט ער פאמעלעך ארויס פון דער ערד און צו זיך אין די אָרעמס אריין.

ביים שיין פונעם לעמפל קוקן צוויי טאטעס צום קינד. פון דערוואַרטנדיק צאפל צעפלאמען צוויי הערצער פון טאטעס, ריכטן זיך ביידע : אָט איז מיין קינד ! און עס לעבט ! און צום הארצן דערקוויקטן און זיך ניט שיידן מיט אים מער.

— ניין, ניט מיינע ! — זיפצט מאטע אפּ און ווישט מיטן ערבל די אויגן די פייכטע.

— ניין ! ניט מיין דינהעלע איז עס ! — ברומט שלום פון הארצן ארויס.

געטוליעט אין ווארעמע אָרמס, געצערטלט מיט ווא־

רעמע דלאַניעס דעם קעפּעל, צעפּראַלן זיך לעפּלעך ביים קינד, צעשיינען זיך בליקן צשראַקן, און ליפּעלעך קוים וואָס זיי פּרעגן:

— מאַמע! מאַמע! וווּ ביסטו? מאַמעלע מיינע!

— מיידעלע, קינד מיינס! ווי רופט מען דיך? ווער איז דיין מאַממע? — רופט שלום האַרציק צום קינד.

צעשווידערט דאָס קינד אין די אָרעמס אין שלומס.

צעוויינט זיך, צעכליפּעט:

— דו ביסט איוואַן! דו האָסט מיין מאַמען דער־הארגעט! דו! דו און מיך אויך וועסטו שיסן! — ציטערט דלאָס מיידעלע אויף.

פונדערווייטנס א רוף:

— חבר קאָמאַנדיר! קער זיך גיכער צוריק!

— קום, מאַטע! נעם דאָס קינד. אונדזערס וועט זיין עס.

און אויף צוריקוועגס אין וואַלד פּלאַצט־אויף ביי מאַטען:

— אָבער פאַר וואָס און פאַרווען?!

— דיין טאַנק וועט דיר ענטפערן, מאַטע, פאַרוואָס און פאַרוועמ. היינט ביינאַכט וועט ער ענטפערן דיר.

* ✶ *

### 4.

אינדערפרי האָט מען זיי ביי די טאַנקן געזען, אלע פינף אָן אנאיינעם. געריינעט, געבוימלט, געשמירט און געפּוצט און געפּרוווט און מאַשנגאַ און אלע פינפן, פאַרטאָן. און ביי דעם פּוצן און טאָן צוגעפּייפט פריילעך האָבן דרייען: מיקאָלע, יאָכים און זמיטראַק. ס׳האָט

מאַטע געברומט און געזיפצט. און געשוויגן האָט שלום אוזיי בליקן צעפלאמטע זיינען צאַרנדיק־בייז, אין הארצן א שריפה עס פלאקערט ביי אים. און שטילערהייט ביי דעם שמירן און פוצן זאָגט שלום: — בראַטי! היינט ביינאַכט גרייט! זאל מען זיין מיטן נעכטיקן וועג און צום שטעטל אריין. מיין קאָמאנדע בים שטעטל וועט קומען. און קיינעם קיין וואָרט ניט!

פאלט־צו דער אָוונט, דרייען צוויי טאנקען ארומעט הין און צוריק אויפן ביי־וואלד, פרווון טאנקיסטן דעם גאנג פון מאשינען און... פארשווונדן אין וואלד און אוועק מיטן דארפישן וועג דעם באקאנטן פארויס.

ווייך איז דער וועג, ניט געפלאסטערט. שטיל און רואיק דער גאנג פון מאשינען. און דאָך: צוליב וואָס, צוליב ווען איז צום שטעטל און ווידער? אז נעכטן געווען איז מען דאָרט? און וואָס זאנען געלאָדן מיט קוילן די טאנקן? זיך צו די דייטשן א כאפּ טאָן? און וואָס דער באפעל איז:

— רואיק און שטיל! און גרייט זיין?!

און ביז סוועט גרויען דער טאָג בלייבן שטיין טאנקען ביים שטעטל, געטוליעט צום ביי־וואלד אָן ריר, אָן באוועג. ווארטן טאנקיסטן. מערנישט געהויבענע ברעמען, צעעפנטע אויגן עס פרעגן:

— וואָס וועט דאָ זיין? ווו איז א שונא? מיט וועמען זיך שלאָגן? זיך פארמעסטן מיט וועמען?

דורך קרוינען פוןביימער צעהעלט זיך דער טאָג. און דאָרט ווייט, הינטער טייך, כאפּט זיך־אויף א געווימל פון שיכור געזאנג, פון נאָך ניט־דערהוליעטן

נעכטיקן טאנץ, פון נאָך — צעקאָכט, און צערייצטער בלוטיקער פרייד.

רודערט־אויף און צעפלאַמט שלומס הארץ. קלעמען און ביילן זיך פויסטן.. און צו די טאנקיסטן א זאָג און באפעל:

— נענטער שטעלן די טאנקן צום שטעטל ארויס! דער ציל איז: היגטערטייך! נעמען אין קלעם, אין א שער די געסלעך די אלע! פאר אומשולדיק דערהארגעטע טאטעס און מאמעס, פאר דערמארדעטע ווייבער און קינדער — א טויט די פאשיסטן! א טויט די באהעלפערס! אין זייערע הערצער ארייַן א זאלפּ!

— ווארט אויס, קאָמאנדיר! ווארט א ווײַלינקע אויס!

— צאפּלט אויף מאָטע. — איך בעט דיך: א ווײַלינקע ווארט!

— וואָס ווילסטו, סאָלדאט? — רופט זיך אָפּ שלום ביין.

— קינדער!... עס זיינען דאָרט קינדער פאראנען... וואָס זיינען קינדערלעך שולדיק?

— גענוג שוין! און אן עק זאָל עס נעמען!... זאלפּנווייז! פייער!

— ניין! כוועל ניט לאָזן! שיס בעסער מיך, קאָמאנדיר! פארגיס ניט קיין אומשולדיק בלוט קיין אומזיסטע! קיין קינדעריש בלוט ניט פארגיס!

פאלט מאָטע־צן צום הארמאט און כאפּט מיט די אָרעמס ארום. זיין גוף צאפּלט־אויף.

קוקן סאָלדאטן געפלעפטע צום קאָמאנדיר און צו מאָטען. רייבן די אויגן און אָטעמען שווער.

בלייבט שלום שווייגן, געבויגן דעם קאָפּ.

— נו, לאדנא! — ברומט ער ארויס מיט א זיפץ — זאָלן לעבן די קינדער. און מיט די מערדער זיך צערעכענען וועלן מיר שפּעטער. ס׳וועט קומען אויף זיי אונדזער האנט! בראטי! רונד ארום און צוריק! פאָרויס!

גייען טאנקען, שלעפּן קוים טאנקען די סאָלדאטישע הערצער אוועק. מאָטע זיצט, באגראָבן די בליקן אונטער דעם געפאלענעם קאָפּ.

* * *

## .1

דער סעקרעטאַר לייגט אוועק אויפֿן טיש צום־רעדאַקטאַר א בינטל טעלעגראַמען פֿון די אייגענע קאָרעספּאָנדענטן. ער צענעמט זיי און לייענט זיי פֿאָר:

— מינסק: געשלאָסן די יידישע צייטונג. געשלאָסן די ביידע יידישע ליטעראַרישע זשורנאַלן. אַלע רעדאַקטאָרן געפֿינען זיך אויסער זייערע היימען.

— אָדעס: די יידישע צייטונג און דער ליטעראַטור־זשורנאַל — ביידע געשלאָסן, די רעדאַקטאָרן זיינען מחוץ זייערע היימען.

— קיעוו: די יידישע צייטונג און דער זשורנאַל געשלאָסן. די רעדאַקטאָרן רוען.

די אונטערשטע, סטאַרטשנדיקע ליפּ ביים רעדאַקטאָר נעמט פּאַמעלעך ציטערן. אויף זיין קליין, שמאָל געזיכט צעלייגט זיך א טונקעלע בלאַסקייט. די געוויינלעכע שטרענגע בליקן זיינע פֿאַלן אומבאַהאָלפֿן. עס לאָזט זיך מערקן, אז זיי זוכן עפּעס אן אָנשפּאַר וו זיך צו ראַטעווען פֿון דער געפֿאַר, וואָס האָט אָקאָרשט אָנגעלויערט אין זיין רעדאַקציע־צימער אריין.

א שווערער זיפֿץ פֿונעם רעדאַקטאָר. די רעכטע האַנט זיינע, וואָס אויפֿן האַלב־פֿאַרשריבענעם זייטל פּאַפּיר, ליגט ווי אין אָנמאַכט. די פֿעץ פֿאַלט פֿון זיין האַנט, דערקייקלט זיך אַראָפּ אויפֿן דיל, דער אַפּהילך איז א דענערווירנדיקער אין דער אַזוי געשפּאַנטער סיטואַציע. דעם רעדאַקטאָרס ביינערדיקע פֿינגער

ציטערן. אין דעם טיפן פּאַטעל, זעט איצט אויס דעם רעדאקטאָרס מאַגערע פיגור נאך מער איינגעשרומפּע־נער. דאָס פיגורל שפּארט זיך צום טיש און לענט אָפּ דעם קאָפּ זיינעם אויף די אויסגעשטרעקטע דארע הענט, ער הערט קוים דעם סעקרעטארס געשטוקטע מאַטן. טריט איבער דעם ווייכן טעפּיך. דער סעקרעטאר שלייכט זיך שטיל ארויס און שליסט הינטער זיך די טיר.

דער רעדאקטאָר בלייבט איינער אליין אין צימער, נאך אלץ א געבויגענער איבער דעם ניט־דערשריבענעם זייטל פּאפּיר. עס פּלאטערן צעפּלאַמטע געדאנקען אין זיין מוח. שטיל, ווי פארזיך רעדט ער:

— געשלאָסן! און די רעדאקטאָרן זיינען שוין מער ניטא אין זייערע היימען.

העכער און שטארקער חזרט ער איבער:

— שוין מער ניטאָ אין זייערע היימען!

און דער צעפּלאַמטער מוח עקבערט אים אריין:

— באלד, אָט טאקע באלד, מעגלעך נאָך היינטיקע נאכט וועט ער, דער הויפּטרעדאקטאָר פון דער צענטראלער יידישער קאָמוניסטישער צייטונג אויך מער ניט זיין אין זיין היים.

די בלאָנזשנדיק־זוכנדיקע אויגן קוקן אויף דעם האלב־געשריבענעם זייטל פּאפּיר. ציטערנדיקע פינגער זוכן עפּעס אינסטינקטיוו איבער דעם טיש. ער זוכט דאָס פּען־הענטל. שארן צעטומלטע בליקן איבער דעם

טיש, זיי געפינען ניט דאָס פען־הענטל. ווערט ער דערשראָקן. דאָס געבויגענע רעדאַקטאָרישע גופל פאַלט צוריק צום ווענטל פון פאָטעל. א האַסטיק טראַכטן:

— פאַרשווונדן די פען! א ניט־דערשריבן זייטל! דאָס לעצטע זייטל! זיין לעצט זייטל... היינט ביינאַכט...

זוכט ער עקשנותדיקער, שאַרט נערוועזער מיט זיין רעכטער האַנט איבערן טיש. די אָפּגעשוואַכטע פינגער בלייבן ליגן איבער דעם פּאַפּיר.

— היינט ביינאַכט... דאָס לעצטע זייטל... מען וועט שרייבן וועגן אים. ער ווייסט שוין פאָרויס וואָס עס ווערט געשריבן אויף דעם לעצטן זייטל...

* * *

.2

דעם רעדאַקטאָר טרייסלט־אויף:

— זיי דאָרטן, פון יענער זייט גרענעץ, זייבן שוין באַלד די גערעכטע!

ער שפּרינגט אויף פונעם פאָטעל און לאָזט זיך שפּאַנען איבערן צימער אַהין און צוריק...

— זיי דאָרטן, אין אויסלאַנד... דאָס האָבן זיי לעצטנס געלאָזט דרוקן דאָס באַפליגלט־בייסיקע וואָרט קעגן אונדז: ליקווידאַציע פון די ליקווידאַטאָרן אין ראַטנפאַרבאַנד!

— דעמאָלט, ביים סאַמע אָנהייב, מיט קורגע צען

יאָר צוריק, ווען מען האָט צונויפגענומען דאָס הייפל ייִדישע קאָמוניסטן און געשאפן פון זיי א צענטראַלע ביוראָ פון ייִדישע קאָמסעקציעס, האָבן זיי גופא ביט געמאָלט זיך דעם אמתן פּאָליטישן מיין, וואָס איז געשטאַנען הינטער דער אָפיציעלער דעקלאַראַציע: אַריינציִען די ייִדישע פּראָלעטאַרישע מאסן אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און מיטווירקן צו דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער קולטור. אָט דער רוף פון דער פּאַרטיי האָט געצויגן צו זיך און שטאַרק אויסגענומען ביי די ייִדישע קאָמוניסטן.

דער רעדאַקטאָר בלייבט שטיין א ווײַלע און נעמט ווידער שפּאַנען איבערן צימער.

— און היינט ביי די חורבות פון דער ליקווידירטער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, ביי דעם צעבראָכענעם און צעטראָטענעם „בונד", ביי די צעדריקטע און דערשטיקטע ייִדיש־סאָציאַליסטישע נאַציאָנאַלע פּאַר־טייען, שיינען שוין קליינלעך און לעכערלעך די געציילטע ייִדישע קאָמוניסטישע העגעמאָנען — די גענעראַלן אָן אן אַרמיי.

דעם רעדאַקטאָר באַפאַלן שוואַרצע דערמאָנונגען פון דער טעטיקייט פון אָט די ייִדישע קאָמוניסטישע גענעראַלן, וואָס ער אַליין איז געווען א שותּף צו דעם: אין טורמעס אַריינגעזעצט, אויסגעראָטן, דערשטיקט צום טויט א הונדערט טויזנט־קעפּיקע ייִדיש־פּראָלע־טאַרישע אַרמיי אין ליטע, אוקראַינע, רייסן און רוסלאַנד די געטרייע סאָלדאַטן פון דער סאָציאַליסטישער

רעוואָלוציע אין יידישע שטעט און שטעטלעך, די מוטיקע קעמפּער פאַר פרייהייט און מענטשלעכע רעכט וואָס יעטוועדער פון זיי איז געווען קלאַסן־באַוווסטזיניק און מיט לייב און לעבן געטריי דער רעוואָלוציע.

ער גופא, דער הויפּט־רעדאַקטאָר, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט אַ געשלענגלטן אַהין־און־אַהער־וועג צווישן יידישע פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך, און ווען עס איז אים געלונגען אַריינדרייען זיך אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט אויך זיין האַנט בייגעלייגט אויף צו ליקווידירן זיין אַמאָליקן פּאָליטישן שונא, דעם „בונד”. נקמה גענומען פון אים און פון זיינע צעקיסטן.

עס שפּאָרן אינעם הויפּט־רעדאַקטאָר נאָך אַנדערע דערמאָנונגען: יאָרנלאַנג האָט ער זיך געהאַלטן אין נאָכאַנאַנדיקע פּאָליטישע און פּאַרטייישע וואַקלעניש, אין הין־און־צוריק שפּאַנען איבער נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען און נאַציאָנאַל־קולטורעלע טעאָריעס, אויך אָנגעגאַנגען מיט ליטעראַטור־קריטישע מיינונגס־אויסטוישן. אָבער אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט ער פּאַרבויגן זיין אַלטן של ראש, און גערעדט און געשריבן האָט ער דאָס, וואָס מען האָט אים געהייסן פון קאָמוניסטישן צענטראַל־ביוראָ. ער איז שווייגן געבליבן צוזעענדיק דעם טויט־טרויער פון די צעשראָ־קענע און פּאַריומטע יידישע שטעטלעך, וואָס ליגן עלנט און וויסט, וואָס גייען אויס פאַר נויט. מיט

זיינע אויגן האָט ער געזען דעם חורבן פון דער ייִדיש־פּראָלעטאַרישער קולטור, און ער איז מיט קיין איין וואָרט ניט ארויסגעטראָטן אָפן קעגן דעם פונסביי צעבליטן אנטיסעמיטיזם.

דער רעדאקטאָר זיפצט שווער אָפּ.

— צביעות און פאַרראַט אקעגן דעם ייִדישן פּראָלע־טאַריאַט. פולשטענדיקער, באַוווסטזיניקער פאַרראַט! דער־אָ, דער קליינמוטיקער יעווסעק, האָט יאָרן־לאַנג געגרימפּלט און צוגעבאַמקעט, פון גרייטע נאָטן, א פאַרדעטערישן ניגון. א סמיטשיק איז ער געווען אין א ווילד־פרעמדער האַנט איבער א פּרעכער צעיושעטער פידל.

א זעעניש דערשיינט פאַר זיינע אויגן און צעשוי־דערט אים: אין איינער א וויסטער נאַכט, געדענקט ער, האָט מען אים אין זיין וווינונג פונעם בעט אראָפּ־געשלעפּט און אוועקגעפירט צו דער טשעקא. דאָרט האָט מען אים געהייסן גלייך אויפן שטעל אָנשרייבן אַן עדות־דערקלערונג קעגן צווייען פון דעם יעווסע־קישן צענטראַל־ביוראָ. ער, דער היופּט־רעדאקטאָר, האָט זיך דעמאָלט מיט קיין איין וואָרט ניט געווערט קעגן דעם. געוווסט האָט ער פון פריער, אז עס וועט אים ניט העלפן קיין ווידערשטעלן זיך דער טשעקא, אז מיט זיין אייגענעם לעבן וועט ער אָפּקומען, ווען ער שרייבט ניט דאָס געפאָדערטע פון אים. און צוליב

זיין אייגענעם לעבן האָט ער געשריבן, אַז די אָנגע־רופענע צוויי נעמען זיינען שולדיק אין פאַבאַרגן זייער טראַצקיסטישע אָנגעהעריקייט פון אַמאָל. געש־ריבן האָט ער, כאָטש ער האָט אפילו קיינמאָל ניט געהערט פון אַט דער שולד זייערער. געשריבן אייליק, און די פען האָט אים אפילו ניט געציטערט אין האַנט. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער זיך דערוווּסט, אַז די צוויי באַשריבענע חברים זיינען פאַרשוווּנדן געוואָרן. ער האָט פון זיי קיינמאָל דערנאָך מער נישט געהערט. אין אַ צייט אַרום, האָט ער דערהאַלטן אַ קורץ בריוועלע, געשריבן מיט אַ בלייער:

— מנוול! פּראָוואָקאַטאָר! פאַרקויפטע נשמה! בע־סער זאָלסט זיך אויפהענגען! דו פאַלשע קאַץ! אויב ניט, וועסטו האָבן דעם זעלביגן סוף וואָס מיר.

ער האָט זיך ניט אויפגעהאַנגען און פאַרבליבן הויפּט רעדאַקטאָר. קיין געוויסנסביסן האָט אים ניט גענאָגט — ווייל ער האָט באַרויקט זיין געוויסן מיטן תירוץ, אַז קיין אַנדערע ברירה האָט ער ניט געהאַט, אַז דאָס אייגענע לעבן איז אים טייערער.

אָבער די, וואָס האָבן אים געצוווּנגען צו זיין אַ מסור וואָס האָבן זיי איצטער צו אים? — טראַכט ער אין ציטערניש — ער האָט דאָך ערנסט און ערלעך געטאָן זייער ווילן. און בכלל, ער איז ניט קיין מסור

און ניט קיין פּראָוואָקאַטאָר, ווי יענע שרייבן אים צו.
ער האָט געטאָן זיין פּאַרטיי־חוב!

אָן אייז־קאַלטער, שווידערלעכער געדאַנק לעכערט אים דעם מוח: ווען מען באַדאַרף ניט מער דעם געדונגענעם פּראָוואָקאַטאָר, ברענגט מען אים אום...

דעם רעדאַקטאָרס מאַגערע פיגור צאַפּלט אויף. אַ צעמישטער בלייבט ער שטיין אין מיטן צימער, צוהערנדיק זיך צו עפּעס.

— וואָס איז דאָרט עפּעס אַזאַ מיסטעריעזע שטיל־קייט אין רעדאַקציע? די שרייבמאַשינען, וואָס פלעגן אומאויפהערלעך קלאַפּן נאָכאַנאַנד, זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. דער סעקרעטאַר קומט מער ניט אַריין. עס טעלעפאָנירט אים קיינער מער. ער כאַפּט דאָס טעלע־פאָן־רערל, דער טעלעפאָן שווייגט. אָפּגעהאַקט איז פון דער גאַרער וועלט, ער זאָל ניט קענען צווויסן געבן פון זיך, אין פאַל, ווען מען קומט אים נעמען. אָט באַלד קומען זיי. מען וועט אים אוועק־שלעפּן אויף ניט צוריק צו קומען.

ער פאַלט־צו צום שרייבטיש. די צעמישטע בליקן זיינע כאַפּן אויף דאָס ניטדערשריבענע זייטל פּאַפּיר — אַ לייט־אַרטיקל פאַר דעם פרימאָרגן־נומער פון דער צייטונג. ווידעראַמאָל שרייבט ער וועגן די געוואַלדיקע דערגרייכונגען און וועגן דעם גליקלעכן לעבן פון יידן אין ראַטנפאַרבאַנד, פון אויפגעקומענע יידישע שטעט־

לעך, פון א בליענדיקער, ידיש־פראָלעטארישער קול־טור. אָ, גרויל פון שקר!

עס טוט א שטאך אין הארצן. די געשריבענע אותיות צעפליסן זיך פאר זיינע פארנעפלטע אויגן, זיי צעקריכן זיך, צעשמירן זיך. אלץ טונקלט ארום אים. אין דעם צעפלאמטן מוח עקבערט אכזריותדיק:

— די לעצטע פאלשקייט דיינע, דאָס נידערטרעכטי־קע, געדונגענע צביעות דיינע, האָסטו ניט באוויזן צו ודערשרייבן, הויפט־רעדאקטאר! דאָס לעצטע נידערט־רעכטיקע זייטל דיינס, מנוול! געקומען איז דיין לעצטע זייטל!

ער פאלט אריין אין פאָטעל. צו דוכט זיך עס אים, צי איז עס אן אמת: קעגנאיבער, ביי דער צעעפנטער טיר, שטייען מענטשן מיט רויטע אקסל־בענדער. זיי דערנענטערן זיך צו אים. זיי... געקומען אים נעמען...

— פלאקערט אים אין זיין מוח.

ער טוט ווילד א כאפ דאָס ניט־דערשריבענע זייטל פון טיש, צעקנייטשט עס, און צעדריבלט עס, צעקאָעסט עס מיט די ציטערנדיקע פינגער. ווי פון שרעק צעבליצן זיך אים די ברייט־צעעפנטע אויגן. ער אָטעמט שווער.

— „די לעצטע פאלשקייט זיינע!” טרייסלט אים־אויף זיין לייב. ער שליידערט דאָס צעדריובלטע פאפיר־זייטל צום דיל אראָפּ.

א רויט־בענדלדיקער בייגט זיך צום דיל, און נעמט פאמעלעך דאָס צעקנאָדערטע פאפירל, גלייכט עס קאלטבלוטיק אויס און דערלאנגט עס א צווייטן רויט־בענדלדיקן. יענער לייגט עס אין זיין אמט־טעקע אריין און שרייט אויס צום רעדאקטאָר באפוילעריש:

— קומט מיט אונדז!

שוין עטלעכע טעג נאכאנאנד, אז עס פאלט אים די פען פון דער האנט, די פינגער זיינע האלטן אין איין ציטערן. דאָס הארץ נאָגט אים זייער, די געדאנקען צעקריכן זיך ערגעץ, ניט צונויפצונעמען זיי, ניט צונויפגעשטאלטן דעם נייעם העלד זיינעם פון דעם געדאכטן ראָמאן, וואָס ער האָט זיך לעצטנס פארמאָסטן צו שאפן, ער פארשווינדט אין ערגעץ, דער נייער העלד, אין דעם ניי־געצייכנטן ראָמאן, האָט קיין אַנהאלט, קיין אַנשפאר אין דעם לעבעדיקן לעבן.

— דאָס לעבעדיקע לעבן? — טוט אים א שפאר אַן אין קאָפּ. — אווועלכע לעבעדיקע לעבן? אין לאנד הוליען און בושעווען בייזע ווינטן, בלוטיקע, הענ־קערשע. דורך שטיינערנע ווענט און דורך אייזערנע גראטעס רייסן זיך אדורך קולות פון דערשטיקטע, געפייניקטע רופן פון העלדזער פארכלינעט מיט בלוט. דאָס גאנצע לאנד שטייט מיט פארקלעמט־פארביסענע ליפּן פארשמאכטע אין אומרו און שוידער. און פון אָט־אָ דעם לעבן זאָל ער שרייבן מיט פיין און מיט שיין, גלייך א גליקלאנד דאָס איז?

און די יידישע טעמע? וועלכע יידישע טעמע ביי היינטיקן טאָג איז פאראנען, איז מעגלעך אין אָט דעם לאנד פון דערשטיקטע טעמעס? ווו זיינען היינט יידישע אינטערעסן, יידישע קאָנפליקטן, יידישע פער־סאָנאזשן, יידישע סיטואציעס? ווו איז דאָס יידישע לעבן ביי היינטיקן טאָג? ווו זיינען יידן? ווי אזוי

זיינען יידן? ער ווייסט פון יידן מערנישט פון געהערטן. און ווי אזוי גרייכט מען היינט צו יידישע נשמות, אז אלע זיינען שווייגערס געוואָרן, וואָס שמייכלען צו לייטן און טרויערן שטיל ביי זיך אינדערהיים. זיי קוקן זיך ציטעריק אום, צי גייט זיי ניט עמעצער נאָך, די נשמות און מוחות און צינגער פאַרריגלט, ווען עמעצער פרוווט זיך צו קריכן אהין.

ציט ער ווייטער זיינע צעמישטע געדאַנקען:

— און דאָך שרייבן דאַרף מען, שרייבן פונעם היינט ביים שיין פונעם נעכטן, ביים גרויל פונעם היינט, ביים שטראַל פונעם מאָרגן. אין דעם בלוטיקן מבול דאַרף ער באשטימען זיך זעלבסט און זיך שטעלן צום געהעריקן שעפערישן פלאַץ, — ניט ביי די „ניט נויטיקע מענטשן" און ניט ביי דעם שוואַכלעכן סאָציאַלן פּראָטעסט, היינט, — ביי דעם יידישן אומקום, וואָס איז נאַציאָנאַלער אומקום, דאַרף ער זיך שטעלן צום קאַמף פאַרן יידישן נאַציאָנאַלן אויפקום דעם אלגעמיין יידיש-פאָלקישן און גלייכ־צייטיק אויסגעפינען אין דעם אויפקום די פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע כוחות מיט זייערע אייגנשאַפטלכע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן.. ער דאַרף שאַפן דעם פאָלקיש־סאָציאַלן סינטעז אין דער יידישער ליטעראַטור. אויף די יידישע פאָלקישע קולטור־חורבות, אויף די יידישע ליטעראַטור־חורבות דאַרף זיך גלייך נעמען בויען פונדאַמענט די צוקונפטיקע יידישע קולטור

אין די יידישע ליטעראַטור, וואָס זאָלן זיין פאָלקיש, סאָציאַל און קעמפעריש, אויפקומעריש, מונטעריש, רופעריש, פאָרגייעריש. דערפון, פון אָט־אָ דעם גאנג און שניט וועט זיך היינטיקן טאָג דער יידישער שריי־בער ניט קאָנען אוועקמאכן פון זיך, אויב ער וויל בלייבן א שרייבער. די צייט און דאָס יידישע פאָלק פאָדערן עס פון אים ארויס. דורך גראַטעס דאַרף ער זיך דורכברעכן א וועג אויף ערלעך און אויפריכטיק צו שאפן. און א וועג צו געשטאלטיקן דעם פאָלקס נשמה וועט אים ווייזן דאָס פאָלק גופא. ער, דער שרייבער, דאַרף זיך באַפרייען פון זיין אמאָל־געשאפע־נעם „איך" און דאַרף זיך שאפן א נייעם „איך", און א נייעם „מר" און ווען ער טוט עס ניט, איז ער אויס שרייבער.

דער מידער קאָפּ פאלט אים צו די עלנבויגנס איבערן שרייבטיש. דאָס גאָנצן איין הארצן צענעמט אים דעם גאנצן גוף.

געדאנקען צעשפּארן אים דעם מוח:

— באַפרייען זיך פון זיין אמאָליקן „איך". צעשיידן זיך מיט זיינע „געפאלענע" מענטשן וואָלט ער נאָך געקאָנט, כאָטש עס פארדריסט אים הארציק אויף זיי. אָבער ווי אזוי וועט ער ריינוואשן זיין געטריישאפט־נדר, וואָס ער האָט אמאָל געגעבן מיט דער אייגענער האנט און מיט דער אייגענער פען צו דער מאכט פון בלוטיקן גרויזאם און גרויל, צו דער הערשאפט פון

מערדעריש הענקער־ווילקיר, ביים הארצרייסנדיקן געשריי פון מיליאָנען אומשולדיק פארפייניקטע מענטשן, וואָס האָט זיך אדורכגעריסן דורך די גראטעס און ווענט פון די קאָמוניסטישע טורמעס? וואָס האָט זיין נשמה געטריבן אָנצוטאָן אויף זיך, אנזאָטלען זיך מיט דעם קאָמוניסטישן פרומקייט־געשפאן און אונטערטעניק און באגלייך מיט אלע קנעכט די פארשקלאפטע צעזינגען, זיך הויך אויפן קול:

— גערעכט! און זייער משפט איז גערעכט!

ווער וועט אים היינט מתיר נדר זיין? דאָס פארפייניקטע פאָלק וועט אים פארגעבן זיין בלוט־הארבן חטא?

א שטים שוועבט ארום און פרעגט אים סארקאסטיש און בייז:

— איינקויפן האסטו געוואָלט זיך אין ליבע ביי זיי? א וועג זיך פלאסטערן ברייט פאר דיינע קומענדיקע ווערק? דו, דער גרויסער יידישער שרייבער, האסט עס געטאָן?!

די זעלביקע שטים פרעגט אים ווייטער:

— מיינסט אפשר, אן אומשולדיק ווערקל איז דאָס דיין געשריפט? א שרייבעריש ביי־זאך?

א צאפל צערודערט זיין גוף און ברענגט אים ארויס פון דעם געדאנקען־גרויל, וואס האט זיך אנגעזעצט אויף אים. א ווײלע הערט ער זיך־צו.

— וואָס איז מיטאמאָל אזוי שטיל געוואָרן? וואָס

עפּעס קומט היינט קיינער צו מיר ? — הייבט ער דעם קאָפּ און פרעגט זיך אליין הויך אויפן קול. — היינט איז דאָך פרייטיק צונאכטס. מיר זאמלען זיך היינט.

דער טעלעפאָן גרילצט־אויף מיטאמאָל לאנגווייליק און בייז. זיינע ציטעריקע פינגער כאפּן אָן דאס רערל. ער דערקענט קוים די שטים פון זיין חבר און אלטן פריינד. אָפּגעהאקט און צעשראָקן אין די שטים. דער פריינד זיינער פרעגט אים:

— עס זיצן ביי דיר פרעמדע מענשן ? ניין ? הער זיך איין...

עפּעס א ביי־געהויך אָטעמט אריין אין דעם רערל. לעבן דיר זיצט דאָרט קיינער ניט ? עס אָטעמט א דריטער אין דעם רערל אריין.

— קיינער ניט. עס דוכט זיך דיר אויס.

— איז הער: איזי כאריק האט זיך אין טורמע דאָס לעבן גענומען, זיך ארייננגעוואָרפן אין א קאָכיקן קעסל אספאלט. זעליק אקסעלראָדן, דעם הארץ־קראנקן האָט דער קאָנוואָי דערשאָסן, ווייל ער איז הינטערגע־בליבן פון דער גרופּע ארעסטאנטן און מעגלעך, אז מיט א כיוון איז ער הינטערגעבליבן, דער קאָנוואָי זאָל אים שיסן, יאשע בראָנשטיינען האָט מען געשאָסן אין טורמע, משה קולבאקן האָט מען פארפייניקט צום טויט אין א לאגער...

— וואָס איז די שולד זייערע ? וואָס זיינען די מענטשן באגאנגען ?

— פרעגסט, פאַרוואָס און פאַרוועןְ?! פרעג בעסער, ווען וועט מען קומען נאָך אונדז!

— איך ווייס ניט פון קיין שולד איבער זיך. איך בין קיין חטא ניט באַגאַנגען קעגן דער פּאַרטיי און קעגן דער מלוכה. און דו אויך דאָס אייגענע.

— און איזי כאַריק, דער קאָמוניסט, און יאַשע בראָנשטיין, דער קאָמוניסט, געזינדיקט האָבן זיי? דו ווייסט זיכער, אַז די יידישע דיכטונג, גלייך ווי די יידישע פּראָזע האָט אַ קיום געהאַט, ווען זי האָט געצויגן איר זאַפט פון יידישע פאָלקישע קוואַלן ביים שיין פון סאָציאַלער גערעכטיקייט. היינט האָט מען די קוואַלן פאַרשטאָפּט, באַגאָסן מיט בלוט פון יידישן פאָלק און פאַרשאָטן מיט קאָמוניסטישן מיסט. און די, וואָס זיינען נאָך ביים לעבן געבליבן, פאַרמאָגן אַ צאַפּלדיק האַרץ און אַ ברויזנדיק מאַרך פאַר פאָלקס־ענינים. יידישע דיכטער און שרייבער ווייסן, אַז אָן אַ פאָלק איז קיין אמתע קונסט ניטאָ. ווייסט עס די מאַכט, און עס גייט איר דערוויידער. ליטעראַטן קאָנען אויפשטיין מיט זייער וואָרט אַלס פּאָטענציעלע פירער פון פאָלקישן אויפקום און אויפשטאַנד באַגלייך מיט דער גאַרער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ. מיר זיינען היינט פּאָטענציעלע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן. איז דערי־בער דער אויספיר אַ קלאָרער: דערשטיקן און ניט לאָזן צעוואַקסן זיך.

דאָס וואָרט פון זיין חבר אין טעלעפאָן־רערל בלייבט

מיטאמאָל אפגעהאקט. פון דעם חברס שטוב לאָזט זיך הערן צום רערל א געטומל, א קלינגעריי, א צערודערטע פרויען־שטים, וואָס רופט דעם חבר צום טיר — צו קומען. ער כאפט אויף די לעצטע ווערטער פונעם חבר:

— דוד! ... — און געבראָכן די שטים — מען קלינגט!... מען האקט מיט שטיוול אין טיר... געקומען ... נאָך מיר זיינען זיי... דוד... איך קוש דיך... דאָס לעצטע מאָל... אוי, ווי עס בענקט מיר מיין הארץ צום לעבן און שאפן... דוד ליבינקער...

דאָס טעלעפאָן־רערל בלייבט אנטשוויגן.

די פינגער ציטערן אים. קוים וואָס דאָס רערל פאלט צום אָרט. דאָס הארץ נאָגט. די פיס ברעכן זיך אים אונטער און קוים וואָס זיי שלעפן אים צום דיוואן. ער פאלט אנידער אין דיוואן אריין. עס באפאלט אים א שרעק, א צעמישעניש. געדאנקען פאלן ערגעץ אין א תהום אריין. פינצטער איז, א קבר־פינצטערניש. פונדערווייטנס רופט צו אים זיין חבר:

— לעבן וויל איך, דוד!.. און שאפן...

ער כאפט זיך־אויף פון דיוואן און זעצט זיך. די אויפן ברייט צעעפנט, בליקן ווייט אין ערגעץ צע־שטרויטע אריין און פארגליווערט זיי הענגען. עס עק־בערט דער מוח:

— יידישע דיכטער און שרייבער פארפייניקט, דער־הארגעט, דערמאָרדעט... הענקעריש, מערדעריש.......

א פלאם־געדאנק צעפלאקערט אים דעם קאָפ:

— ער, דער גרויסער ידישער שרייבער, האט נאָך פון פריער, פון פאָרויס נאָך באַרעכטיקט דאָס בלוט פארגיסן, באַרעכטיקט דעם בלוטיקן אייזערנעם „יושר" פון דער קאָמוניסטישער מאכט און פון אירע הענקערס...

אין דער געשטיקטער שטילקייט כאפט ער־אויף א נאָגנדיק געוויין פון אהינטער דעם ווענטל.

— מען באוויינט אים שוין ביים לעבן!... דער טויט לאָזט זיך שוין הערן אין זיין שטוב. ער לויערט שוין דאָ...

ער שוידערט־אויף. דאָס לייב צעברעכט אים פון נאָגעניש.

— באלד! אָט באלד וועט עס געשען. געציילטע שעהען פארבליבן זיינען אים צו לעבן. באלד וועט זיך צעקלינגען דאָס גלעקל אין טיר. א געקלאפּ אין דער טיר מיט רעוואָלווערס, א זעצן מיט שטיוול. דריי אָדער פיר בייז־צערייצטע פארשוינען מיט ברוטאלע פנימער וועלן אים אנקוקן פיינטלעך, ניט זאָגן צו אים קיין וואָרט. זיי וועלן נעמען זוכן, צעוואָרפן, צע־שליידערן אלץ וואָס אין שטוב איז, אויפרייסן דעם דיל און די ווענט, ווו ס'איז דאָ דער מינדסטער פארדאכט, און דערנאָך הייסן אים מיטגיין מיט זיי. דאָרטן, אין דעם „גרויסן הויז" וועט מען אים נעמען פייניקן און אויספרעגן און ארויספאדערן, ער אליין זאָל זיך מודה זיין מיט גוטן, ווען ער וויל ניט מיט בייזן, אין אלע זיינע קאָנטר רעוואָלוציאָנערע פארברעכנס, וואָס ער

איז באגאנגען, און ארויסגעבן דערביי אלע זיינע מי־
העלפערס. און טאָמער וועט ער זיך ניט מודה זיין,
וועט עס אים סייווי ניט העלפן, ווייל זיי, די טשעקיסטן,
ווייסן שוין פון אלע זיינע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע
מעשים, און פאר מודה זיין זיך וועט אים געשאָנקען
ווערן אלע זיינע פארברעכנס.

ער וועט שוין ענטפערן. ער וועט אונסטראכטן אויף
זיך פארברעכנס, און ווען ניט, וועט ער אין קאבינעט
ביי דעם אויספאָרשער בלייבן זיצן דריי און פיר און
פינף מעסלעס נאָכאנאנד ניט געשלאָפן און ניט געגעסן.
און ווען ער פאלט צום דיל, וועט אים דערוועקן א
זעץ מיטן שטיוול דעם אויספאָרשערס. און אלס צוגאָב
וועט ער כאפן קלעפ מיט די פויסטן אין ברוסט און
קאָפּ. אריין און ווען ער פאלט אין חלשות, וועט מען
אים ארויסשלעפן פאר די פיס איבערן דיל צו זיין
קאמער אריין און דאָרטן לאָזן אים ליגן צום דיל.
און דיזעלביקע נאכט שלעפן אים ווידער צום פארהער
און צום אויספאָרש. און ווען דאָס וועט ניט העלפן,
און ער וועט זיך ניט מודה זיין. אין אויסטראכטעניש,
ווארפט מען אים אריין אין א שטראָף־קאבין פון א
האלבן קוואדראט מעטער, ווו עס שטייט וואסער ביז
די קני און די ווענט זיינען באדעקט מיט פראסט.
עס הייבן זיך אים אָן נאָך א טאָג שטיין אין געפרוירן
וואסער און אין פראָסט און מוטער־נאקעט האלוצי־
נאציעס, פאלט ער אין דעם קאלטן וואסער אראָפּ.

ערשט דעמאָלט שלעפּט מען אים אַרויס און מען פירט אים ווידער צום אויספאָרש. און ווען עס קלעקט אים כוח און מוט אויף ווידערשטאַנד און אויף ניט ענט־פערן גאָרנישט, קלעמט מען אים זיינע פינגער איין אין א שפּארונע פון א צעעפנטער טיר און מען שליסט ביסלעכווייז די טיר און מען פארקלעמט אים דערמיט זיינע פינגער ביז ער פאַלט אין חלשות אריין. און ווידער ביים אויספאָרש פרעגט מען אים גאָרנישט און מען דערלאַנגט אים מערנישט די פּען אויף צו צעש־רייבן זיך אין דעם, וואָס עס האָבן צוגעטראַכט די הענקערס אויף אים. דעם טאָג לאָזט מען אים רוען א האַלב־טויטן און ביינעאַכט שטעלט מען אים אויף די פיס און מען ציט אים צום קעלער אַראָפּ. אויף די טרעפּ פון דעם אונטערשטן גאָרן זעצט אים דער הענקער א קויל אין נאַקן אריין און שליידערט אים פון די טרעפּ אַראָפּ צום מיסט־קאַסטן אריין.

דאָס אַלץ איז שוין גוט באַוווּסט. עס וואַרט אים דאָס אייגענע. עס באַפאַלט אים אן אָנומאַכט. הענט און פיס צעשוואַכן זיך אים. ער פאַלט ווידער־צו צום דיוואַן. א ווײַלע בלייבט ער ליגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, ערגעץ געפאַלן אין אן אַפּגרונט אריין. א לאַנגע ווייל. ער ווייסט ניט, וויפל זי האָט זיך געצויגן אזוי. און מיטאַמאָל טוט אים א בליץ־אויף און א שיין אין זיין מוח. עס צעעפענען זיך די אויגן אים. ער דערפילט א דערלייכטערונג אין זיין גוף. עפּעס דערהייבט אים

פון זיין ליגנדיקן פלאץ. געדאנקען צעשוועבן זיך אים דערפרייענדיק, העל און לייכט, די בליקן זיינע צע־שטראלן זיך אים מיט עפעס א נייעם שיין. אויס האַרץ־נאגעניש, און עס אָטעמט זיך אים לייכט, האָפערדיק, דערהויבן. ווי פון עפעס א באנייטער, שפרינגט ער־אויף פון דיוואן און שטעלט זיך אויף.

— ניין! — צערעדט ער זיך הויך אויפן קול, וואַגיק און איבער־צייגנדייק־זיכער. — איך וועל ניט שטארבן! לעבן וועל איך! דער „אייזערנער יושר" וועט לאָזן מיך לעבן!... און אדאנק דעם יושר וועל איך שאפן נייע און ווערק!..

מיט פארלייגטע הענט אויף אהינטער לאָזט ער זיך שפאנען איבערן צימער הין און צוריק מיט פריידיקע, זיכערע טריט.

— ער וועט...

עפעס צעהאקט אים זיינע געדאנקען.

— און פון וואָס וועט ער שאפן זיינע נייע ווערק? פון וועמען און וועגן וועמען? פון די האלב־דערשטיק־טע מענטשן, וואָס גייען קוים לעבעדיק ארום איבער דעם צעבלוטיקטן מדבר? מענטשן ווי פארסאמטע פליגן, מיט צעדריקטע געמיטער, וועגן די געפאלענע, די פארלוירענע ביי זיך?

— שרייבן דארף מען וועגן זיי, קינסטלעריש, שיל־דעריש. אָבער צי וועט אים קלעקן מוט אויף צו דער־הייבן די פארלוירענע מענטשן, אויף צו רופן זיי

אויף צו דערמוטיקן זיי צום אויפקום, צום מאראלישן אויפשטאנד, אויב ניט צום פּאָלקישן און צום פּאָלי־טישן?

— היינט שאפן נייע ווערק! — צעשמייכלט זיך זיין פּנים איראָניש. — סיידן אין קעלער ביי זיך, מען זאָל אים ניט כאפּן ביי דער ארבעט.

ער שפּאנט נאָך אלץ ארום איבערן צימער שוין מעסיקער. און גלייך ווי פון א באהעלטעניש באפאלן אים נייע געדאנקען און שטעלן זיך־צן צו די אָקאָר־שטיקע:

— און די חברים זיינע, די פארפייניקטע יידישע שרייבער און דיכטער פון ווייסרוסלאנד, וועגן זיי וועט ער שרייבן? עס ווייטיקט אים זיין הארץ פאר זיי, עס אַרט אים פאר זיי, עס וועט זיך דערהייבן זיין צאָרן פאר זיי, א ווערק וועגן יידישע מארטירער נעמט ער זיך צו שאפן.

א פארבאהאלטענער געפיל שמוגלט אים גנביש אין הארצן אריין און קריכט און קלעטערט אים צום קאָפּ ארויף און צעלייגט זיך דאָרט ברייטלעך און האפערדיק. און טענהעט אריין:

— דאָס לעבן! זיין אייגן לעבן!

אָט דער שמוגל־געדאנק שלעפּט נאָך זיך נאָך און ציט ארויס צום ליכטיקן שיין דאָס זייניקע, וואָס האָט אים, דעם שרייבער, א ווילע פאר דעם געהאט געלאָזט דערפרייען און צום לעבן דערוועקן. דער

שמוגל־געדאנק שטופט אים צום ביכער־סטענד ביי דער וואנט. די פינגער זיינע פאַרען זיך א מינוט און ציטעריק ציען ארויס זיינס א ביכעלע, א דינס, א מאַגערס, שוין לאנג געדרוקט און כמעט האָט ער פארגעסן אין אים, ווען ניט אָט דער היינטיקער קלייניקער שמוגל־געדאנק זיינער. ער ווארפט דעם ביכעלע צום שרייב־טיש אוועק. זיין האנט פאלט צו דעם ביכעלע, ניט צעעפנט אים. די פינגער זיינע ציטערן אים־אויף.

— אָט דאָס וועט מיך ראטעווען היינט? אָט דאָס דארף מיך ראטעווען? אָט דאָס? — און דער שמוגל־געדאנק זיינער ענטפערט אים שטיל־גנביש ארײַן:

— יאָ! אָט דאָס ביכעלע דיינס וועט דיך ראטעווען!

ער צעעפנט מאשינאל דאָס ביכעלע און נעמט לייענען די פון לאנג שוין פארגעסענע שורות. און ביים לייענען צעאָטעמט ער זיך שווער.

— יאָ, יאָ! ביים אָנשפאר פון טויט, ביים דראנג צום לעבן דארף דיך און וועט דיך אָט דאָס ביכעלע דיינס ארויסראטעווען. — לאָזט ניט אָפּ דער קליי־ניקער גנבישער שמוגלל־געדאנק. — געדענק, אז דער וועג צום לעבן איז דורכאויס געפלאסטערט ניט מיט קיין אויפריכטיקע מעשים. און דאָס לעבן דיינס איז דיר איין מאל געגעבן. פארשוויינדט דער שמוגל־געדאנק, און עס שפארט אים אָן א צווייטער:

— זיי, אָט די, וואָס איך האָב געשריבן פון זיי

אמאָל און באַרעכטיקט זייערע מעשים, זיי װעלן מיר הײנט גלױבן אין מײן אמאָליקער אויפריכטיקייט? זיי באַדאַרפן מיין אויפריכטיקייט? זיי באַדאַרפן מיין לעבן היינט. היינט! און ניט דאָס נעכטן און ניט דאָס מאָרגן. װייל זייער היינט שטייט פאַר זיי, און ער פאָדערט האַרב. מוזן זיי אים שטילן מיט בלוטיקע קרבנות. און װען ניט היינט, וועט שוין מאָרגן זיין שפּעט. זיי, די הענקערס, זיינען אויפריכטיק און ווילן זיך ניט לאָזן פאַרשפּעטיקן.

און ביים לייענען די ווייטערדיקע שורות פון זיין ביכעלע פאַלט א שטויגונג אים צו:

— צי איז ער דעמאָלט, ביים שרייבן, געווען אויפ־ריכטיק קעגן זיך און קעגן דער ליטעראַטור און קעגן א לאַנד מיט מענטשן? ער, דער גרויסער יידישער שרייבער, האָט באַרעכטיקט נאָכאַנאַנד דעם שעף פון דער טשעקאַ, דעם הענקער פיליפּאָוון. ער, דער שרייבער, מאַכט פיליפּאָוון פאַר א מאַרטירער, וואָס ניט געקוקט אויף זיין קראַנקהייט, נעמט ער זיך אָן כוח אויף צו צעשיסן אומשולדיקע מענטשן, און וואָס ניט פיליפּאָוו צעשיסט זיי גאָר, עס צעשיסט זיי די „געשיכטע״.

— און היינט, אָט היינט, — באַפאַלט אים א געדאַנק. — ווער צעשיסט יידישע שרייבער און דיכטער און דאָס גאַנצע פאָלק? אויך די „געשיכטע״? און אים אליין, ווען מען אַרעסטירט אים, וועט אויך

שיסן די „געשיכטע״ ? דיזעלביקע „געשיכטע״, וואָס ער אליין האָט זי בארעכטיקט ? ער אליין האָט אויף זיך גערופן דעם טויט פון דורך אים גופא בארעכטיק־טער „געשיכטע״.

שוידער־געדאנקען באפאלן אים, רינגלען און כאפן אים אָן מיט צעגליטע רייסנדיקע נעגל. זיי צעפלאמען אים דעם מוח:

— אים, דעם שרייבער, איז ניט אויפגעקומען אויפן געפיל און געדאנק דער מינדסטער פראָטעסט קעגן צעשיסן אומשולדיקע מענטשן אין טורמע. עפעס א מין צופרידענער גלייכגילט איז אים, דעם שרייבער, געשטאנען ביים הארצן בעת דעם צעשיסן מענטשן. צוליב אָט די בלוטיקע מעשים האָט ער, דער שרייבער, אויסגעפונען אן אויסרייד:

„און פאראנען איז דער גרויסער „ג ע ר ע כ ט״ פון דער רעוואָלוציע: צעטרעטן און צעברעכן אין אומבערחמנותדיקע פלאמען אָט די אלע ווערעמדיקע גערעכטלעך. און אט איצטער ברענט ער מיט אלע זיינע פלאמען, דער גרויסער „ג ע ר ע כ ט״.

א צעצאפלטער, באפט ער זיך מיט די הענט צו די אויגן זיינע גלייך ער וויל זיי באשיצן פון עפעס.

— אָט דאָס האָב איך געשריבן ?! איך ?! און געלויבט מיט מיין הארץ און פען אָט די פלאמען פון רעוואָלוציע, וואָס דארפן צעטרעטן און צעברענען די אלע „גערעכטלעך״... און די יידישע שרייבער

און דיכטער זיינען יאָרנלאנג ארומגעגאנגען מיט „געריכטעלעך" ? און מען האָט זיי באדארפט צעטרעטן און צעברעכן ?! און ער אליין, דער שרייבער, איז אויך ארומגעגאנגען מיט „געריכטעלעך", און אים אליין קומט אויך דערשאָסן צו ווערן און צעטראָטן און צעבראָכן ? און די צענדליקער מיליאָנען מענטשן, די פארפייניקטע, דערמאָרדעטע, דערשאָסענע, זיינען אויך ארומגעגאנגען מיט זייערע „געריכטעלעך" ?!

ער הייבט זיך אויף פון ביי דעם טיש און רופט אין ערגעץ :

— ווער בין איך : א שרייבער אָדער... א באהעלפער ביי די הענקערס ?

און הארצרייסנדיק :

— רעכט אויף מיר ! און ווערט בין איך די קויל ! נאָר ניט פון זייערע הענט וויל איך, זאָל עס קומען אויף מיר דער טויט. טאָן זאָל עס איבער מיר דאָס גאנצע לאנד און דאָס יידישע פאָלק.

ער בלייבט שטיין אין מיטן צימער א צעמישטער. די אויגן זיינע קוקן אין ערגעץ און זעען גאָרנישט פאר זיך.

— איזי כאריק האָט דעם מוט געפונען ביי זיך — אויף אליין זיך צו נעמען דאָס לעבן. ניט געוואָלט האָט ער פאלן טויט פון דעם הענקערס האנט, און ריין איז געבליבן זיין נשמה. און ער, דער גרויסער יידישער שרייבער, אומריין איז זיין נשמה, און א קויל

אין נאקן ווערט אים אריינזעצן אָט דער, וואָס מיט דעם „אייזערנעם יושר“. אָט דער, וואָס מיט דעם „גרויסן געזעכט“.

די ציטעריקע פינגער זיינע טאפּן אָן אין קעשענע דעם פּעקל שוועבעלעך און ציען אים ארויס פון דאָרט. ער רייבט אויס א שוועבעלע, כאַפּט דעם ביכעלע פון טיש און צינדט אים אונטער. און ווען דאָס ביכעלע צעברענט זיך, וואַרפט ער אים צום דיל. זיינע ווילד-צערייצטע בליקן האָבן הנאה פון דעם פלאַם, וואָס צעפרעסט די אויפגעלאָפענע זייטלעך. זיינע צערודערטע פיס טרעטן דעם אש. און ווען אלץ ארום איז שוין צעטראָטן, רייסט זיך אים פון הארצן ארויס:

— פארברענט! פארברענט די לעבנס-עולה מיינע! צו אש געמאכט!

א רואיקע שטילקייט גייט אָן צו זיין הארץ. ער הייבט פּאַמעלעך דעם קאָפּ-אויף. די אויגן ברייט צעעפנט. די בליקן צעשליידערט ערגעץ ווייט און העל צעבליצטע, צעשיינטע. ווארעם-הארציקע און בעטנדיקע, ריינגעוואשענע, ווי נאָך אָן על-חטא. א פרייד-שמייכעלע צעקריכט אים איבער די באקן. די ליפּן באוועגן זיך, גלייך זיי רײדן עפעס צו וועמען. ער אָטעמט אָפּ בארואיקט.

א לאנגע ווייל גייט אָן די שטילקייט. און מיטאמאָל, גלייך ווי פון עפעס א כוח דערוועקט, טוט ער א

קער און א ווענד זיך, א רוק אַפּ דעם שטול פון זיך מיט א געראָדער, זיך א שטעל־אויף געטאָן, אויסגעשטרעקט די הענט פון זיך אוועק און די דלאָניעס מיט די פינגער צעשפרייט, גלייך זיי האָבן עפּעס צו פרעגן ביי וועמען און ארויסמאהנען עפּעס.

— און דערמיט וועל איך אָפּקומען ?! מיט דעם פארברענטן ביכעלע מיינעם ?! דערמיט וועל איך ריינוואשן מיין נשמה ?!

מען קלינגט. צערייצטע הענט און פיס זעצן אין דער טיר. א שוידער צעגעמט אים. א קאלטער שוויס צעשוועבקט זיין לייב.

עס רופט אים דער טעלעפאָן :

— דוד ! ביסט נאָך א היימיקער ? הלואי זאָל מען אויסמיידן דיך. האָסט דאָך עפּעס פארדינסטן ביי זיי מיט דיין אמאָליקן ביכל. דוד, דו הערסט ? צוגענומען האָט מען פּרצן, שמואלן, איציקן...

וואָס א מאָל און אלץ שטארקער איז דאָס זעצן אין טיר.

— עפנט זיי ! לאָזט זיי אריין ! — רופט ער צו זייניקע. און צום טעלעפאָן רעדט ער אריין צערודערט :

— געקומען נאָך מיר שוין אויך. צום טויט גיי איך מיט אלעמען באגלייך, מיט אלע יידישע שרייבער און דיכטער. און זאָל געלייטערט ווערן מיין נשמה אויף דער וועלט.

ער לייגט דאָס רערל אוועק. שטיוולשע פיס שפּאַנען
צו אים. און געהויבן דעם קאָפּ זיינעם רופט ער ארויס:
— יושר געזוכט ביי די הענקערס, און פון הענקערשע
הענט וועל איך שטאַרבן. ביי דעם פאָלק און צוליב
דעם פאָלק ניט געבעטן קיין יושר האָסטו! היינט בעט:
— זאָל זיין דיין נשמה געבונדן מיטן לעבן פון
פאָלק! תנצבה!
שטיוול צעשטופּן זיין טיר.

איך זע און איך פיל:

א גערודער א שטומער איז הענגען געבליבן איבער אויגן די בלויע פון מיין זון דעם סטודענט און דעם קאָפּ אים געשפּארט צו דער ערד, גלייך פאראור־טיילט ער איז, און די שטראָף פאלט צו אים די פארדינטע. פון דערוואַרטונג א ציטער פארצוקט אים דעם גוף אָן מוט און אָן ווילן געפאלן די הענט.

צעשראָקענע בליקן איך ווענד, און איך פרעג אים פארווונדערט:

— וואָס איז מיטאמאָל? ברענג ארויס! וואָס האָט דיך צערודערט?

בלייבט שווייגן מיין זון, שטרעקט אויס מיט צאַפּל זיין האנט און דערלאנגט מיר פון טיש א געשריפט.

— נא, נעם לייען דו!

איך נעם דאָס געשריפט פון זיין האנט, גלייך ווי אן אָנזאָג אויף טרויער, פון נייע קרבנות א בשורה. מיינע אייליקע בליקן צעטומלטע כאפן קורצינקע שורות געפערלט, געשריבן אין רוסיש.

— א ליד? ביסט א דיכטער געוואָרן, זונאָק?

— ניין, פאפא.

— ווער האָט געשאפן דאָס ליד?

— קיינער ווייסט ניט דערפון. מען איז משער מערנישט, א דיכטערין האָט עס געשריבן, א באוווסטע, שוין פונלאנג אנערקענטע. א יידישקע איז זי און שאפט בלויז אין רוסיש.

— ווי קומט עס צו דיר ?

— פון האנט און צו האנט דאָס ליד שפאנט ארום, פון הארץ און צו הארץ שפארט עס אָן, און באזונדערס צו די אָט ווי איך, די „זייטיקע מענטשן", וואָס זיי זיינען געוועזן, און יידישע מענטשן וואָס ווערן.

איך הייב אויף מיין קאָפּ און איך פרעג מיך אליין :

— וואָס געשעט מיט מיין זון ? ווער האָט דערלייכטערט זיין הארץ ? ווער האָט דעם וועג צו זיין זינען געטראָפן ?

און טאדלענדיק — הארב מיר ענטפערט א שטים :

— דו, דער פאָטער, קעגן דיין זון האָסט פארזינדיקט ! דו האָסט אים בלאָנדזען געלאָזן אליין ביי צעבלוטיקטע פאָלקישע חורבות, ביים זוכן מיט אנגסט די נשמה אין זיך, ביים טאפן אין בלינדן א וועג און אן אויסוועג און מיט מאטערניש קומען צום פאָלקישן וועג. דו, דער פאָלקישער ייד און דער יידישער מענטש א זייטיקער ביסטו צום אייגענעם זון ! דו אליין צו דיין זון !

נעמען זיך לייענען די אויגן פארוואונדערט :

— זי זאָל עס האָבן געשריבן דאָס ליד ? די, וואָס האָט זינט איר לעבן קיין שורה געשאפן פון יידן ? די, וואָס האָט אפילו איר יידישן נאָמען פארגעסן געלאָזן ? וואָס שפארן איר אָן מיטאמאָל עפעס יידן ? און וואָס איז דער וויי־געשריי אירער פון צערודערטן הארץ, וואָס פלוצלונג ברעכט אויס א פארצאפלט ?

לייען איך ווידער דאָס ליד, און אין הארצן אין מיינעם עס רופט פון די שורות צו מיר א ווייטיקדיק קרעכץ פון „על חטא", א וידוי־געזיפץ און געוויין, און באשערט אויב ס'וועט זיין, וועט זי גיין מיטן פאַלקישן וועג און מיט פאַלקישן גאנג און מיט איר פאַלקישן הארץ מיט אויפגעריכטן.

רודערט און מאָנט און עס רופט מיך און רוען עס לאָזט ניט דאָס ליד, און ניט דאָס ליד, — עס רודערט מיין הארץ — אויף דער רוסישער דיכטערין גופא, וואָס א יידישע טאָכטער זי איז, עס ארט מיך און רירט מיך איר וועג און איר אומוועג און שייד־וועג. צו מיר, צו מיין זון רופט א יידישע טאָכטער פון היימשטעטל מיינעם און ס'קלינגט מיר אין יידישן לשון אין הארציקן מיינעם, און שארפער דער וויי און דיליידן פון די יידישע ווערטער עס הויכן ארויס. און ס'דוכט מיר, דורך יסורים איר וועג איז, דער יידישער וועג צו יידישע ברידער דער איינציקער בלוטיקער וועג פאר די, וואָס זיינען צו זייטיקע וועגן אמאָל צוגעפאלן.

אָט איז איר ליד:

### י י ד ן

צום שווארצן אש פון טליענדיקע שריפות
געשטרעקט האָב איך די הענט מיינע פאר־
גליווערטע

און ווארעמקייט געזוכט,
און זיך אליין געפרעגט:
— וואָס זיינען מיר און ווער?
מיר, יידן?
און איך... ווי אזוי האָב איך אליין
דערוואגט זיך צו פארגעסן,
אז כ'בין א יידישע?!
פארלאָפן איז אזוי:
אין א טאָג פון רעגנס הארבסטיקע
דעם ערשטן אויסגעשריי און הויך מיינעם
האָט אויפגענומען רוסלאנד
מיט פרייד און לייד פון היימלאנד
(מען ווילט זיך ניט קיין פאָטערלאנד,
ווי טאטע־מאמע גלייך)
קינדער־יאָרן זאָרגלאָזע
האָט מיר פארשאפט מיין פאָטערלאנד.
און שפעטער און דערנאָך...
פארבלענדט האָט מיך מיין פאָטערלאנד
מיט אומרואיקן טרוים,
באהעפט מיט מוט און בלוט
אין שלאכטן און אין שפאן,
צערודערט מוט און אויפגעברויזט
פנקֿ' געוויטערס וואלדיקע,
געפרישט מיט גליענדיקע טראָפנס
פון פרילינג־בלעטלעך קלעפיקע

אויף יונג־ווייסע בעראַזקעלעך,
געשטילט מיין האַרץ מיט זעטיקייט
פון אָוונט־פעלדער רואיקע,
מיט מורמל קינדערשן געצערטלטן
פון קליינע שטראָמען שטילינקע.
און אויפגעבליצט
און מיך פאַרבלענדט א ווילע נאָר
א ליבע האָט
פון א יונג א רוסישן א בלאָנדן...
דו ביסט עס, מיין היימלאַנד,
מיין איינציקע, געטרייע.
די הענט מיינע איך שטרעק צו דיר,
איך בענטש דיך און איך רוף צו דיר:
— מיין לאַרעליי. געליבטע מיינע!
איך זינג צו דיר א וואַלד־געזאַנג
און פרעג און טענה:
וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט
היינריך היינע?
זאָג מיר, מענדעלסאָן:
און ענטפער, קאַרל מאַרקס,
און אַלבערט איינשטיין,
איר, די וועלט־חכמים אונדזערע,
וווּ ליגט פאַרבאָרגן אונדזער שולד?
ענטפערט איר, בעראַזעס צאַרטע
לעוויטאַנס!

קום אראָפּ און ברענג אַן ענטפער,
טשאַרלי טשאַפּלין פון עקראַן!
אונדזער פּערל ניט דערלאַנגט
האָבן מיר פאַר לייטן אַלץ?
ניט געמאָלט מיט קינסטלער וואָרט
האָט ערענבורג, באַגריצקי און סוועטלאָוו?
וואָס איז אונדזער שולד?
עס האָבן אונדזערע סאָלדאַטן
ניט איינגעשטעלט דאָס לעבן
פאַרן לאַנד פאַר אונדזערן?
עס האָט אייך ניט צעשורעמט
דער קלאָג פון מוטערס טויזנטער,
פון ווייבער און פון קינדער יידישע?
ניט דערפילט האָט איר
דעם הויך דעם לעצטן
פון ברענעדיקע לייבער
אין מערדערישע אויוונס?
איר הערט: דען ניט אין גאַסן און אין היימען
צעהילכט זיך ווולד דער נאָמען „זשיד"?
טרעפט עס ניט אין אייערע נשמות?
און ריין און רואיק בלייבן הערצער אייערע?
יידן זיינען מיר!
איר הערט?
ווי גרויס דער נאָמען איז!
און אונדזער בלוט,

וואָס ריזלט אין דער ערד
פון אלע פעלקער,
עס רירט אייך ניט ?
מענטשן וואָס איר זייט ?!

— — —

— — — —

צעטומלט, צערודערט, צעמישט איז מיין זון.

— פאפא ! אן ענטפער, א וועג און אן אויסוועג איך זוך ! און מער קיין „זייטיקער" ניט און קיין פרעמדער ! צו יידן, מיט יידן איך גיי !

איך קוש מיין זונאָק אין די אויגן צעבליצטע אין זיינע, און אָרעגס עס קלעמען אים מיינע.

* * *

## 1.

— לייבא אבראַמאָוויטש לייבמאַן! זייט אַזוי גוט!

געלאַסענער איז היינט דער שטרענגער דירעקטאָר פון דער שטעטלדיקער מיטל־שול איוואַן וואַסיליעוויטש סאַראָקין. אַ געמאַכט שמייכעלע צעקריכט היינט אי־בער זיינע ביינערדיקע באַקן. די אויגן באַמיען זיך צו פאַרבאַרגן די געוויינלעכע האַרבקייט פון די בייז־לעך־אַנגעשטרענגטע בליקן. זיין שטים איז אים היינט ווייכלעך, כמעט מילד, מיט אַ צוגעפּאַסטער העפלעכ־קייט. עס איז צו זען, אַז עס קומט אים אָן גאַנץ שווערלעך דאָס געמאַכטע גאַנג זיינס. אַן אומווילנדיק צוק פון זיין האַרטן פנים, עפּעס אַן איבערגוואַלד, וואָס ער טוט איבער זיך. היינט אָבער מוז ער זיך פירן אַזוי: די שול געזעגנט זיך היינט מיט אירע פערציק אַרויסלאָזניקעס. זיצן זיי איצט, די פערציק, אין דעם באַפּוצטן און באַגריגנטן אַקטן־זאַל, אויסגע־קליידטע, אויפגעריכטע, מיט שיינענדיקע, גליקלעכע, קינדעריש־יוגנטלעכע געזיכטער, און שטראַלנדיק־וואַרעמע אויגן כאַפּן־אויף דעם מינדסטן באַוועג פון דעם דירעקטאָרס פנים און פון זיין שטים. אַהינטער זייערע פּלייצעס אויף די לעצטע בענק זיצן זייערע טאַטעס און מאַמעס און קלייבן נחת פון קינדער. אַ דערהויבענע פייערלעכקייט שוועבט איבער קעפּ, איבער אויגן און הערצער.

ביים אויפרופן זיין נאָמען שטעלט זיך לייבקע אויף

פון זיין פלאץ, ציט מיט די הענט אראָפּ און גלעט אויס זיין רעקל. גלעט אויס מיט דער רעכטער דלאָניע דעם קאָפּ שווארצע האָר און לאָזט זיך גיין צום רויט־באדעקטן פרעזידיאום־טיש. לייבקעס באקן זיינען היינט בלאסער ווי שטענדיק, די טונקל־בלויע אויגן אונטער די שווארץ־געדיכטע ברעמען זיינען היינט נאָך צע־שראָקענער ווי אלעמאל. א לייכט ציטערל צענעמט זיין לייב.

דער דירעקטאָר לייענט פאָר אויסגעשפראָכן־דייטלעך טרוקן־אָפיציעל, א ביסעלע פריקרעדיק:

— אונדזער שילער לייבמאן לייבאָ אבראמאָוויטש האָט פארענדיקט אונדזער מיטל־שול, זיך געלערנט מוסטערהאפט־אויסגעצייכנט, באוויזן גרויסע פעאיקייטן ביים אויפפאסן, פארגעדענקען, אנאליזירן און סינטע־זיכרן דעם גאנצן לערן־מאטעריאל אין אלע געביטן, אויפגעפירט זיך פאסיק, טעטיק געווען ביי קאָמ־סאָמאָלישער ארבעט. דעריבער האָט די דירעקציע פון אונדזער שול צוגעטיילט אים דעם מאטורע־אטעס־טאט און אנגעגעבן דערביי א גאָלדענעם מעדאל. איך באגריס דיך, לייבמאן, און ווינטש דיר דערפאָלג ביי דיין צוקונפטיקער איבערגעגעבענער סאָוועטישער טעטיקייט דיינער.

חברים באגריסן לייבקען פון זייערע פלעצער ארויס מיט אפלאָדיסמענטן.

— זאָג אונדז, לייבמאַן, — רופט ווידער דער דירעק־
טאָר, — וואָס זיינען דיינע פּלענער צום ווייטערדיקן?

— איך דאַנק אייך צוערשט, אַוואַן וואַסיליעוויטש, און אַלע לערער אונדזערע פאַר אייער לערע, וואָס איר האָט מיר געגעבן. נעמט אויף מיין כבוד און אָפּשיי פאַר אייך און מיין ליבשאַפט צו אייך. און זיין וויל איך אַ דאָקטער, היילן קראַנקע מענטשן, זיי זאָלן זיין געזונט וויל איך, און עס זאָל זיי ניט וויי טאָן גאָרנישט, און צופרידן זאָלן זיי זיין און שמייכלען זאָלן זיי גוטהאַרציק איינער צום צווייטן, און ניט אָנרירן קיינעם אפילו מיט אַ בייז וואָרט אויך ניט, און גוטס טאָן איינער דעם צווייטן.

אַ ליבהאַרצוקע שטילקייט באַפאַלט דעם זאַל. און ביים פּרעזידיאום־טיש ציען זיך אויס העלדזער צום הערן לייבקען.

— לייבמאַן! — שטרענגלעך און וואַכעדיק קומט דעם דירעקטאָרס שטים. — און היילן וועסטו אַלעמען גלייך, סיי יידן, סיי קריסטן?

— אַלעמען גלייך, איוואַן וואַסיליעוויטש, אַלע גוטע און ווילע און ערלעכע מענטשן, אַלע די, וואָס טוען גוטס פאַר מענטשן. און שלעכטע מענטשן וועל איך ניט היילן, כאָטש די מאַמע מיינע זאָגט, אַז היילן דאַרף מען שלעכטע מענטשן אויך און לינדערן דערמיט זייער שלעכטן געמיט און ווייכער מאַכן זייער שלעכטע נאַטור. איך אָבער וועל עס ניט טאָן.

— ווּעמען האַלטסטו פאַר שלעכטע מענטשן, לייב־מאַן ?

— פאַר שלעכטע מענטשן האַלט איך די, וואָס רויבן אוועק יענעמס האָרעוואַניע און די, וואָס ראַבע־ווען און הארגענען יידן צום טויט, ווי עס האָט פאַסירט אין שטעטל ביי אונדז.

— לייבמאַן! און ווער האָט דיך געלערנט דאָס אַלץ ?

— עס האָט מיך מיין מאַמע געלערנט, די ברויט־בעקערקע שרה. זי האָט מיך געלערנט ליב האָבן מענטשן, טובות טאָן מענטשן.

— לייבמאַן! און ווער לערנט אייערע ברידער שווינדלען און אָפּנאַרן לייטן ?

— ביי דעם רוסישן פאָלק זיינען דאָ איבערגענוג גנבים און רוצחים, שיכורים און מענטשן־פיינט. איז דען שולדיק דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק איבער דידאָ־זיקע לייט ?

— זעץ זיך, לייבמאַן, צו דיין פּלאַץ.

.2

פאַר, מיין קינד, זיך לערנען, און טאַקע אויף אַ דאָקטער. זאָלן באַלמעלאָכישע טאַטעס און מאַמעס אויך האָבן קינדער דאָקטוירים. ניט אַלץ באַלעבאַטישע קינדער זאָלן זוכה זיין דערצו. וועסט זיך קערן דער־נאָך אין שטעטל צוריק און היילן אָרעמעלייט פאַר אומזיסט און ניט קאַרגן קיין טרחה ביייטאָג און ביי־

נאכט אויף צו געבן זיי היילונג, און געזונט זאָלן זיין אלע מענטשן. און מיר דא — ווי גאָט וועט געבן, אבי בלייבן ביים לעבן. איך — ביי דעם ברויט, דער טאטע — ביי די היטלען. און עטלעכע רובל וועלן מיר דיר צושיקן, אָפּשפּאָרן פון זיך וועלן מיר, און אבי דיר זאָל ניט פעלן. ניט פארגעס דיין טאטן און מאמען, וואָס האָבן דיך געהאָדעוועט. א בריוועלע שרייב. איך ווייס, דו ביסט ניט פון די, וואָס פארגעסן אויף טאטע־מאמען.

— מאמעלע, וואָס וויינסטו ?

— איך וויין פאר נחת, מיין קינד. אויסגעהאָדעוועט דיך אָן עין־הרע, דערלעבט צו שיקן דיך לערנען און מען זאָל דערלעבן צו דיין חתונה און אייניקלעך האָדעווען. ווו איז דער טאטע ? וואָס גייט ער ניט געזעגענען זיך מיט דיר ? — אברהם ! א, אברהם ! גענוג שוין דיר צו שטעפּן דאָרטן ! גיי, געזעגן זיך מיטן יינגל. ער פאָרט דאָך אוועק.

— זון מיינער ! הער וואָס דער טאטע דער פּראָסטער וועט דיר זאָגן :

זאָלסט געדענקען, אז דו ביסט א ייד ! היילק טראָגן דעם יידישן נאָמען דיינעם. זיך שטעלן פאר יידן זאָל־סטו, ווען אפילו ביז בלוט וועט דיר גיין. מילא, גוים זיינען גוים, וואָס קאָן מען וועלן פון זיי ! אָבער יידן דארפן זיין יידן. און זיי מצליח, מיין קינד !

.3

— וואָס שטייט זי מיר שטענדיק פאר מיינע אויגן, די שיקסע מיט די ליינענע האָר, מיט די גרויסע ליכטיק־צעשטראַלטע גרוי־גרינע אויגן אירע ? זי קוקט מיך אָן מאָדנע ווארעם, כמעט הארציק, אָט ווי די מאמע שרה מיינע. ביי די לעקציעס, ביי דעם מיקראָס־קאָפּ אין דער לאַבאָראַטאָריע, ביים אנאטאָמירן, — אומעטום בלייבט זי שטיין לעבן מיר און זיצן לעבן מיר, אויך צוגעשפּארט מיט איר ארבעט באַגלייך, און נאָכאנאנד שווייגנדיק. און ווען אריינגעטאָן אין דער ארבעט אפילו, שפּיר איך, עס פאלן פון דער זייט אירע בליקן צו מיר. טו איך זיך א קער אויס צו איר, כאַפּ איך, עס פאלן אירע בליקן אראָפּ אין איר ארבעט אריין, און די באַקן צערויטלען זיך אירע.

און איינמאָל אין לאַבאָראַטאָריע, ווען מיר זיינען געבליבן איינע אליין, זאָגט זי צו מיר שטיל:

— מיך רופט מען מאריא. און דיך ווי רופט מען ?

— לייב. א ייד בין איך, און דו ביסט א קריסטן. — ענטפער איך איר.

ווערט איר פנים צעפלאַמט.

— מיינסט, אז קריסטן זיינען בעסער און שענער פון יידן ? און דו שעמסט זיך מיט דיין יידישן נאָמען ? און דו מיינסט צו פארענטפערן זיך פאר אים ? און אפשר מיינסטו, אז איך פאַרהאַס יידן ? וואָרנסטו מיך מיט דיין שטאָלץ, אז דו וועסט זיך ניט לאָזן פאַרהאַסן ?

— אפשר פארהאסטו, דו מיט אלע קריסטן באגלייך. מיך און אלע יידן. ווער ווייסט דיך. א קריסטן ביסטו דאָך, א טאָכטער פון דיין רוסישן פאָלק.

— ניין! — ברויזט זי אויף מיט אן אימפעט־פראָטעסט. — ניט אלע קריסטן פארהאסן יידן!

— מעגלעך, אן אויסנאם זיי זיינען אָט די, וואָס פארהאסן ניט קיין יידן.

אָבער אן אויסטנאם שיקט זיך צו א געזעץ.

זי בארואיקט זיך א ביסעלע און נעמט ריידן שטילער:

— מיין פאָטער, דער אלטער דאָקטער פון זעמס־טווע, האָט מיך געלערנט כבוד און אָפשיי פאר אלע פעלקער, וואָס ניט קיין רוסן זיי זיינען און באזונדערס פאר יידן. ביי יידן, האט ער מיר געזאָגט, באדארף מען זיך לערנען דעם אייביקן ווילן און דראנג צום גייסטיקן און מאראלן לעבן, דעם דראנג צום נאציאָנאלן לעבן צום הויכן און דעם דראנג צום פיזישן לעבן, צו עקזיסטענץ, צום בלייבן לעבן, ווען אפילו מען גייט אָפּ מיט בלוט. מיין פאָטער האָט מיר געשאָנקען פון זיין ביבליאָטעק די ביבל אין רוסיש ווי אויך די מאדערנע געשיכטע פון יידן אין די אייראָפעישע לענדער. איך האָב דאָס אלץ געשטודירט און דער־געאנגען דעם מארטיראָלאָג פון יידישן פאָלק און דערגאנגען די סיבה, פארוואָס הענגט א שרעק אי־בער אלעמענס יידישע אויגן.

איך הער־צו און באוואונדער די שיקסע: זי, די שיקסע, האָט געשטודירט און באנומען דאָס, צו וואָס איך, דער ייד, בין נאָך ניט געקומען. און איך בין א ייד מערנישט מיט מיין הארץ און געפיל.

— מאריא! — גלייך איך פארענטפער זיך פאר איר.

— מיין פאָטער איז א פראָסטער ייד, א קירזשנער איז ער, און קיין ביבליאָטעק פארמאָגט ער ניט, אויסער א סידור צום דאוונען.

דאס ערשטע מאָל אז איך רוף זי אָן ביים נאָמען. זי האָט עס דערפילט. אירע אויגן צעבליען זיך גליקלעך.

— אין די שטילע פארנאכטן האָב איך זאנגען גע־קליבן אין יידישע פעלדער. א מידע זון, א ווארעמע נאָך, א הארציקע, האָט געניגערט צו די יידישע פעל־דער, צו די מיד־געוואָרענע יידישע שניטערס און שניטערינס, וואָס קערן זיך צוריק אהיים פון זייער טאָגיקן שניט. זייערע לויטערע, ערלעכע, רואיקע, שיינענדיקע אויגן האָב איך דערזען, דערגאנגען זיינען זיי צו מיר. און עס האט זיך מיר געדוכט, אז די יידישע אויגן און די יידישע הערצער, נעמען מיך אויף, מיך, די פרעמדין זייערע, מיט ליבשאפט און מיט גאסט־פריינדשאפט, ווי א גלייכע צו זיך. זיי האָבן לידער געזונגען פון זאטקייט און פרייד פון זון און פון הימל דעם בלויען, פון ליבשאפט און ליבע, פון פריינדשאפט צו פעלקער צו אלע. טרערן פון פרייד

זיינען געפאלן פון מיינע אויגן. איך האָב געהויבן מיינע אָרעמס צו זיי און גערופן, געבעטן:

— אייער פאָלק איז מיינע!

זיי האָבן מיך ארומגעכאפט, געדריקט צו זיך און גערופן:

— קום מיט אונדז, מיט אונדזער פאָלק און זיי לייבלעך מיט אונדז און א גלייכע מיט אונדז, דו מויד פון מואב! אונדזער רות! און איך בין אוועק מיט זיי. מיט די הארציקע שניטערס אוועק צו איין פאלק מיט זיי.

— לייב! — זאגט זי צו מיר אין א ווײלע ארום.

— וועלכע שפראך האט גערעדט צוערשט די ביבלישע רות? מואביש און דערנאך העברעיש? לערן מיך ריידן די שפראך פון דיין פאָלק. איך זאָל קאָנען קומען צו דיר און ריידן צו דיר, ווי דיין מאַמע רעדט צו דיר.

איך ווייס ביט וואָס צו ענטפערן איר, און איך שווייג.

— לייב! דיין מאמע איז ביים לעבן? און מיין מאמע איז געשטארבן. ווען מיין מאמע לעבט, וואָלט איך איר דערציילט פון מיין בענקשאפט.

— לייב! ווי אזוי זאָגט מען אין יידיש: „דיין פאָלק איז מיין פאָלק״? דו שווייגסט! אָן אומרו באפאלט צו די בליקן צו דיינע, ווען איך רייד צו דיר, ווען איך פרעג דיך. מיינסט, איך פארמעסט זיך אויף דיין פריי לעבן? איך, די קריסטן, לויער נאָך דיר,

מיינסטו? נאָך דעם יידן האלט איך אָן פוסטריט, מיינסטו?

וואָס וויל פון מיר האָבן די שיקסע, וואָס מאכט זיך פאר א יידישער טאָכטער? קארג זיינען איר רוסישע בחורים פאראנען?

## .4

א חודש צייט, אז איך האָב ניט געזען מאריאן. געענדערט עס האָבן זיך לערן־פלענער, גרופעס, אודיטאָריעס. צו דעם ניי־פאראייניקטן קורס לעקציעס אין דער גרויסער אמפיטעאטער־אודיטאָריע איז לייבקע געקומען פון די ערשטע, זיך אוועקגעזעצט צו דער לעצטער באנק, צעלייגט זיינע העפטן, גרייט צום נאָטירן די לעקציע. באלד בלייבט זיצן מאריא לעבן אים. פאלט אירער אן אויגנבליק צו אים. א בענקשאפט א טרויערל איז הענגען געבליבן איבער אירע אויגן. און מאָדנע צעעפנט און צעשטראלט זיינען זיי איצט, די גרויסע אויגן אירע, און גלייך ווי זיי קוקן מער ניט צו אים. גלייך א זייטיקע איז זי היינט, א צופעליקע איז זי דאָ לעבן אים.

זי ציט ארויס פון טעקע אירע העפטן מיט א לייכטן ציטער פון אירע פינגער, צעלייגט זיי. זי צעעפנט א העפט און שווייגנדיק דערלאנגט זי עס לייבקען. א צאפלדיק־זייטיקן בליק טוט זי ניט אָפּ פון אים. לייבקע נעמט דאס צעעפנטע העפט און זעט: מיט

גרויסע געצירקלטע יידישע אותיות, אות ביי אות, שטייט געשריבן: דיין פאָלק איז מיין פאָלק! און אז עס שפארן אָן צו איר לייבקעס פרעגנדיקע, פארוווּנדערטע בליקן, ענטפערט זי:

— פון א ווערטער־ביכל און פון א גראמאטיק גענומען. עס קלעקט מיר ניט אויף צעעפענען אין יידיש מיין בענקשאפט פון מיין הארצן ארויס און קומען צו א פאָר טונקל־בלויע צעשראָקענע אויגן, וואָס ס׳דוכט זיך, זיי זוכן עפעס און מאָנען עפעס. אויף מעדיצינישע זומער־פראקטיק פאָר איך אין א ווייט יידיש שטעטל זיך לערנען דאָרט יידיש ריידן, זיך אנשפארן דאָרט מיט הארץ און נשמה צו יידן, דערפילן יידן. באנעמען דאָרט, פארוואָס זיינען יידישע אויגן צעשראקן.

זי האָט אויפגעכאפט איר טעקע, זיך ניט געזעגנט מיט אים און אוועק.

### 5.

מען קען זי שוין אין שטעטל, די מעדיצין־שוועסטער מאריא. מען מערקט, אז זי שפיצט אָן מויל און אויער ביים יידיש־געשפרעך פון צוויי יידענעס. שטיל זאגט זי נאָך יעדן וואָרט די יידענעס און ווי אזוי זיי בויען א פראזע, וויאזוי ארויסברענגען אין יידיש א גאנצן געדאנק. יעדן ניי וואָרט מיט זיין באטייט פארציכנט

זי אויפֿן פּאַפּיר און חזרט אים איבער דערנאָך. ביי דער הויז־באַלעבאָסטע, ווו זי האַלט קוואַטיר, פּרעגט זי אויס, וויאַזוי שענער און פּאַסיקער אַרויסצורײדן דאָס ייִדיש וואָרט, עס זאָל זיך קלינגען ייִדישלעך, אַט ווי פֿון אַ ייִדיש מויל. ביי דער באַלעבאָסטעס, דערוואַקסענע מיידלעך פּרעגט זי אויס ייִדישע ווער־טער פֿון ליבע, פֿון בענקשאַפֿט און טרויער נאָך אַ געליבטן, ביי דעם עלטערן בחור פּרעגט זי אויס ווערטער פֿון פּאָליטישן און נאַציאָנאַלן לעבן און וועזן. און בעט זיי אַלעמען אויספּאַרריכטן איר דאָס גראָבלעכע אויסשפּראַך אירע. ביי דער באַלעבאַסטעס געזינד שטעלט זיך טשיקאַווע צו זיין דאָס ייִדיש לערנען פֿון דער נייער מעדיצין־שוועסטער, און דאָך גייט עס־צו לעבעדיק, כמעט לוסטיק און האַרציק.

— שוועסטערל, דו ווערסט באַלד אַ ייִדישקע, אַן אונדזערע ווערסטו. און ליידן און פּיין וועסטו גרייט זיין צו טראָגן אויף זיך, ווי עס טראָגן אַלע ייִדן?

— דיין פֿאָלק איז מיין פֿאָלק און וואָס מיט אַלע ייִדן, וועט זיין מיט מיר! — ענטפֿערט זי רואיק, און שמייכלענדיק.

צעפּעפּנען זיך ברייט ייִדישע אויגן ביי קראַנקע, ווען די רוסישע שוועסטער רעדט צו זיי ייִדיש. פֿילט זי, מאַריאַ, וואַרעמע שטראָמען ציען זיך צו איר פֿון ייִדישע הערצער אַרויס, און אַ פֿרייד צעשטופּט דעם שרעק־וואָלקנדל פֿון ייִדישע אויגן אַוועק.

— לייבלעכקייט, הארציקייט און ליבשאפט באדארף האָבן צו זיך דאָס יידישע פאָלק. — טראכט מאריא. — דאָס יידישע פאָלק מערער פון אלע אנדערע פעל־קער. צוויי טויזנט יאָר פיינטשאפט און בלוט־פאר־גיסונג האָבן צעשראָקן די יידישע אויגן.

און גלייך שוועבן צו איר אריין יענע טונקל־בלויע צעשראָקענע אויגן פון דעם, וואָס זיצט לעבן איר אויף דער באנק אין מעדיצין־אינסטיטוט. וויפל האר־ציקייט דארף זי לאָזן ריזלען פון איר הארצן אויף צו מאכן אויס פרעמד יענע צעשראָקענע אויגן? און ציען זיי צו זיך? עס דוכט זיך איר, אז ווען עס טרעפן אים אנדערע אויגן, ניט אזעלכע סלאווישע ווי אירע, און אויך צעשראָקענע ווי זיינע, וואָלטן זיי גכער געפונען דעם וועג צו זיין הארצן. א לייבלעכע קרובה! שאפט פון אלצאיינעם שרעק איןביידנס אויגן וואָלט געשטראָמט פון אים צו איר. צוויי גלייך־פארפאלגטע פון איין פארפאָלגטן פאָלק וואָלטן באלד אוועק מיט איין געמיינזאמען וועג.

און זי? צוערשט דארף זי מיט איר הארץ באנעמען די יידישע שרעק און קומען צו שרעק אין אירע אויגן און דערנאָך ערשט קומען צו זיין הארץ און געדאנק.

— ניין! זי וועט זיך ניט שיידן מיט יענע טונקל־בלויע צעשראָקענע אויגן, מיט זייער אויסערגעוויינ־לעכער צארטקייט און ווארעמקייט. מען רייסט ניט

דאָס האַרץ פון דעם לעבעדיקן גוף אַרויס. און ווען יאָ, שטאַרבט ער, דער גוף.

און וואָס אַ מאָל, אַלץ מער אַנטפּלעקן זיך פאַר איר די יידישע הייזקעס, ווו זי קומט צו די קראַנקע. ליידן און נויט, אָן אַ וועג, אָן אַן אויסוועג קריכט דאָרט פון אַלע שפּאַרונעס אַרויס. עס כאַפּט זי צום האַרצן. אַ טרויער באַפאַלט אירע אויגן. און עס רעדט צו איר מיטאַמאָל אין אַלטע שטים, אַ קענטלעכע פון אַמאָל נאָך:

— ווען ניט יענע אויגן די טונקל-בלויע, די האַרציקע, וואָלסטו געקומען ווען ס'איז אין אָט די הייזקעס אַריין אויף צו ליידן גרויסמוטיק, מיט אָט די פאַרפאַלגטע אינאײנעם? און ווען אַנדערע אויגן אַנשטאָט דיינע, די סלאַווישע, זיינען אויפגעקומען דאָ מיט זייער צאַפּל און שרעק, מיט אַלץ, וואָס דאָ איז און עס לעבט דאָ, וואָלסטו געקומען צו אָט זיי מיט דיין גרויסמוט און צו שענקען זיי אַ נדבה?

איז אפשר גלייכער און מענטשלעכער ניט צו באַליידיקן דאָס יידישע פאָלק מיט נדבות און רוסישן גרויסמוט? בלייבן ביים לייבלעכן אייגענעם רוסישן פאָלק און דאָ קיין פרעמדע ניט זיין. און ציען צו זיך און צום רוסישן פאָלק יענע טומקל-בלויע צעשראָקענע אויגן?

— יענע אויגן, ווען זיי קומען צו מיר, צו מיין פאָלק

וועלן סייווי בלייבן פרעמדע, אָדער קיינעמס ניט, ביז...

— שוועסטערל ליבינקע! — רופט זי די באַלעבאָסטע צעצאַפּלט. — אַ פּאָגראָם איז אין שטעטל אויף יידן... מען באַפאַלט אומדז, מען פייניקט, מען ראַבעוועט... דיך וועט מען ניט רירן, דו ביסט דאָך פון זייערע, אָבער ווען מען געפינט דיך ביי אונדז, קענסטו אויך ליידן פון זיי, וואָלסטו אפשר אוועק צו דיינע, ביז דער בראַנד וועט אַדורך... וואָס זאָלסטו ליידן צוליב אומגדז און איבער אונדז?..

— באַלעבאָסטע רחל! פאַרטרייב מיך ניט פון זיך. איך וועל זיין מיט אייך, מיט יידן, מיטן יידישן פאָלק. און וואָס מיט אַלעמען, וועט מיט מיר זיין.

— שוועסטערל! וואָס וועסטו אונדז העלפן, אויב מיר וועלן זיך אַליין ניט העלפן? ביסט אייגע פון מיליאָנען געקומען צו אונדז.

דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן האָט מאַריאַ דערזען פאַר זיך דעם טויט־שוידער פון אַ כוואַליע מענטשן, ווייבער מיט קינדער אויף די ברוסטן, מאַנסבלען מיט אַלטע טאַטעס און מאַמעס ביי די אָרעמס, עלטערע קינדער, וואָס פירן זייערע קליגינקע ברידערלעך און שוועסטערלעך און אַלע אין איין בהלה־געלויף, מיט געשריי און געיאָמער, מיט כאַפּן דעם אָטעם, מיט צעווילדעטן בליק אין ערגעץ אריין.

פונדערווייטנס שפּאַרט אָן אַ צעווילדעטע כוואַליע פון אַנדערע צעיושעטע קולות, אַ בראַזשגען פון

צעהאקטע שויבן און פענצטער, פון הארצייסנדיקע אויסגעשרייען, פון אלארמירנדיקע אויפרופן:

— שלאָג די זשידעס און די קאָמוניסטן! ראטעווע רוסלאנד!

— באלעבאסטע! — פרעגט מאריא א צעטומלטע.

— וווהין לויפן יידן?

— אין וואלד לויפן אלע, אויסבאהאלטן זיך.

— און פארוואָס ניט שטעלן זיך קעגן די מערדער? מיט העק און מיט פרעגנטן אָט ווי זיי?

ווו איז די יידישע יוגנט?

פארוואס בלייבט זי שווייגן?

די באלעבאָסטע צעפירט מיט די הענט, כאפט אירע קינדער גרייט זיך לאָזן לויפן.

— א מינוטעלע, באלעבאָסטע! — כאפט זיך מאריא.

— איך גיי אויך מיט אייך!

א הייסער שטראם האט א זעץ געטאן מאריאן אין קאָפּ און אין הארצון אהין. א בליץ־געדאנק האָט אויפגעפלאמט:

— גיין מיט די גערודפטע, מיט די פארפאלגטע!

און צו דער באלעבסטע האט זי א זאָג געטאן:

— איך גיי מיט אייך! מיט אלעמען גיי איך!

און אין א ווײַלינקע זיך געכאפט:

— מיט אלע יידן גיי איך אינאיינעם! מיטן יידישן פאָלק!

איז זי אריינגעלאָפן צו זיך אין איר חדר אריין,

געכאפּט צו דער האַנט איר ווייסן מעדיצין־כאַלאַט און דעם מעדיצין־רענצל מיטן רויטן צלם אויף אים, ארויס אין דרויסן

— קום, באַלעבאָסטע! — זאָגט מאַריאַ און לויפנדיק ארויפגעכאַפּט אויף זיך דעם ווייסן כאַלאַט און זיך באַהעפט מיט דער מענגע לויפנדיקע יידן.

און דאָ אינאיינעם מיט אַלע יידן האָט מאַריאַן באַנומען אַ נייער געפיל. אַ נייער געדאַנק האָט זי גענומען באַהערשן. זי טראַכט, זי וואָלט געלאָפן צו יעדער איינער פאַרמאַלגטער גרופּע מענטשן פון יעדן פאָלק ארויסהעלפן זיי אין זייער בלוטיקן נויט. דאָס וואָלט געווען איר געוויינלעכער מענטשלעכער באַוועג פון איר האַרץ און באַוווסטזיין. היינט איז זי באַהערשט געוואָרן פון אַ גרויסער און טיפער, לייבלעכער וואַרעמקייט, וואָס צום ערשטן מאָל האָט זי עס דערפילט זיצנדיק לעבן לייבקען אויף דער אורדיטאָריע־באַנק. פון אים, פון לייבקען, שטראָמט איצט צו איר די לייבלעכע וואַרעמקייט, מיט אים לויפט זי איצט צום וואַלד אריין, מיט אים אינאיינעם לויפט זי איצט ראַטעווען זיינע ברידער, וואָס זיי זיינען דאָ לייבלעך און האַרציק געוואָרן צו איר האַרצן. טרערן שטעלן זיך אין אירע אויגן. אינאיינעם מיט אַלע לויפנדיקע נעמט זי וויינען, גלייך זי אַליין איז די, וואָס ראַטעוועט זיך פון פּאָגראָם.

טיף אין וואַלד באַרואיקן זיך מענטשן און בלייבן

שטיין און זיצן אויף א לאַנקע. אין אלעמענס אויגן שטעקט נאָך די בהלה. א שטיל כליפּען פון קינדער, א קרעכצן פון ווייבער. מאריא בלייבט שטיין אין דער זייט. פון דעם ווייסן כאַלאַט אירן מיטן רויטן צלם אויף דער ברוסט קומט צו איר אלעמענס פארווונדערטע בליקן. ווייבער רינגלען זי ארום.

— שוועסטערל, ליבינקע! דו ביסט דאָך... — גייט אָן א הארציקער פרעגן פון ווייבער.

— מיט אייך בין איך! — ענטפערט מאריא אין יידיש. — און מיט אייך וועל איך בלייבן. און וואָס מיט אייך, וועט זיין מיט מיר.

און אויך ווי אלע דאָ, איז מאריא זיצן געבליבן אויף דער ערד, אנגעשפּארט צו א בוים. אליין ארייגעקוקט צו זיך אין הארצן אריין. א געמיינזאמקייט מיט אָט די מענטשן צעוואַרעמט איר הארץ. עס דוכט זיך איר אויס, אז זי האָט זיך מיט זיי קיינמאָל ניט געשיידט. און וועט זיך ניט שיידן. און אירע אייגענע אויגן, אזוי דוכט זיך איר, זיינען שוין אויך בענקענדיק טרויעריקע און צעשראָקענע אָט ווי זייערע, די יידישע אויגן. און שוין מער וועט לייב ניט זאגן צו איר:

איך בין א ייד און דו ביסט א קריסטן.

א שטילער וואַרעמער שיין צעלייכט אירע אויגן.

— אט די יידישע מענטשן זיינען שוין געקומען צו מיין הארץ, און מיין הארץ איז געקומען צו זיי. געקומען מיט דעם גרויסן מענטשלעכן וועג — פון

הארץ און צו הארץ. און יעדע פּאַר צעשראָקענע אויגן יידישע באַלויכטן איר דעם הארץ — וועג אירן און פאַרענטפערן איר אַלץ.

.6

האַרבסטיקע טעג, געשאָנקענע טעג. אין דעם אַלטן אינסטיטוס־פּאַרק געזעגנט זיך די אַלטע האַרבסטיקע זון מיט די שוין האַלב־נאַקעטע ביימער, פאַרלאָזענע, עלנטע, איינזאַמע. זיי, די ביימער, באַדאַרפן שוין מער ניט האָבן קיין יום־טוב־קלייד. אַדורך איז דער יום־טוב, אָפּגעבליט, אָפּגערייפט, אָפּגעצייטיקט, אָפּ־געפּרוכפּערט און שוין. מעג מען אַראָפּוואַרפן פון זיך דאָס באַליבטע פּוץ־קלייד, וואָס איז טאַקע שוין אָפּגע־קראָכן און צעפאַלט זיך פון עלטער. און באַוואַרעמט קוים פון אַלטע זוניקע שטראַלן, קאָן מען בלייבן שטיין אין עלנט און בענקען און טרוימען פון עמעצן עפּעס, וואָס וועט דאָך קומען מיט האַרץ און מיט ליבשאַפט, און צוליב אים וועט מען זיך ווידער דאַרפן פּוצן און קליידן און שיינען.

איז גוט דאָ און האַרציק איז לייבקען אין דעם אַלטן פּאַרק. ענדע קאַניקולן. קוים וואָס מען זעט אַ געקומענעם סטודענט פאַר די אויגן. און דאָ אין פּאַרק אויף דער איינזאַמער באַנק לאָזט זיך טראַכטן אין דער טיף און אין דער ברייט.

עפּעס נאָגט אים דאָס האַרץ, עפּעס בענקט זיך אים,

עפעס גייט אים אָפּ, עפעס איז ליידיקלעך דאָרטן, אין הארצן ביי אים, עפעס מאָנט אים פון דאָרטן. מאריא ? זי ? פאר זיינע אויגן שטייט זי אויף, מיט אירע צעשטראַלטע, וווּנדער־הארציקע ליבשאפט־אויגן, אָפּטמאָל טיף־פארבענקטע, פארטרויערטע. און איר שלאנקער גוף גלייך ער ציט זיך און שטרעבט צו עפעס, צו וועמען. אָט אזא קומט זי אויף שטענדיק און נאָכאנאנד הארט לעבן אים, כמעט שווייגנדיק, יעדן מאָל. עס ריידן צו אים מערנישט ווי אירע בליקן, טיילמאָל פון דער זייט, ווען ער איז אריינגעטאָן אין הערן די לעקציע.

זי גייט אים אָפּ איצטער, מאריא ? איר צעשטראַלטע ווארעמקייט פעלט אים אויס איצטער ? זי, מאריא, וואָלט געשטילט איצט זיין אינזאמקייט ?

פאר די קאניקולן האט אים מאריא געלאָזט דערמאָנען מיט קוים באהאלטענעם ווייטיק זיין וואָרט, וואָס ער האָט צוגעווארפן צו איר ביי זייער אָנהייב באקאנט־שאפט : „איך בין א ייד און דו ביסט א קריסטן. א גרענעץ האָט ער אויפגעשטעלט פאר זיך קעגן מאריאן. זיין הארץ האָט עס אויפגעשטעלט. זיין הארץ האלט־אויף אָט די גרענעץ. זיין הארץ פרעגט ניט קיין דעות ביים קאָפּ. עס פילט. און ווען דעמאָלט, אין יענע טעג, קומט צו אים א יידיש מיידל מיט אזויפיל הארץ און געפיל, ווי עס איז געקומען מאריא צו אים, וואלט ער גארנישט געזאָגט דערפון דעם יידישן מיידל, און

זיין הארץ וואָלט קיינע גרענעצן ניט געשטעלט. אזא איז אָבער ניט געקומען, און ער, לייבקע, האט אזא יידיש מיידל ניט געטראָפן.

און אפשר און ליידער: ניט געזוכט האָט ער א יידיש מיידל. וואָרום ווען ער זוכט, געפינט ער זיכער אזא. וואָס מיט הארץ און מיט ליבשאפט. און אפשר נאָך מער פון דעם, וואָס מאריא פארמאָגט, היינט עקבערט אים דאָס הארץ:

— פארוואָס איז ניט געקומען אזא מיידל א יידישע צו אים? פארוואָס איז ער ניט געקומען צו אזא יידיש מיידל?

מאריא איז אויך ניטאָ. דעם גאנצן זומער אויף מעדיצין־פראקטק איז זי געווען אין א קליין יידיש שטעטל אין אוקראינע, און בלוז מיט איין וואָרט זיך געלאָזט הערן וועגן זיך. אומרוען זיינען דאָרטן געווען קעגן דער סאָוועטנמאכט, קעגן יידן. פאָגראָמען. זי האָט מען זיכער ניט אָנגערירט. און דאָך, ווער ווייסט: א פאָגראָם.! ווען ניט, וואָלט זי דאָך געשריבן צו אים.

עס נעמט אים פארדריסן עפעס פאר מאריאס לעבן, עס ארט אים עפעס, עס נאָגט און בענקט אים עפעס נאָך אירע אויגן, נאָך איר הארציקער ווארעמקייט, עס מאָנט אים אין הארצן פאר איר.

— זי וועט דען ניט קומען מער זיך לערנען? און ער וועט זי שוין מער ניט זעען?

## 7.

צו דער ערשטער לעקציע אין דער גרויסער אמפי־טעאטער־אודיטאָריע איז לייבקע געקומען דער ערש־טער. ער האָט ניט ליב צו שפּעטיקן זיך. ארויפגעקראכן צו די לעצטע בענק אין א ווייטן ווינקעלע אריין און געבליבן זיצן דאָרט, אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אויף די דלאָניעס, מיטן פּנים אין די העפטן אריין. ליידיק פון מענטשן איז דערוויייל און שטיל איז. קאָן מען זיך באטראכטן א ביסעלע, און לאָזן נאָגן דאָס הארץ, און לאָזן אים פריי פארדריסן און בענקען און טרוימען. און וואָס איז פאר א הארץ, וואָס עס בענקט ניט און עס טרוימט ניט?

א פּאָר ווארעמע אָרעמס כאפּן אָן לייבקעס קאָפּ פון אהינטער, בייגן צו זיך, דריקן צום הארצן און קושן אין די אויגן אריין און האלטן און לאָזן ניט אָפּ פון זיך. אויף לייבקעס שטערן, אויף די באקן אויף זיינע פאלן הייסע טרערן. מיטן קאָפּ מיט זיינעם פילט לייבקע א טיפן אָטעם, וואָס פארגייט זיך אין קושן און אין שטיל־הויכנדיקע כליפּען.

— מיין הארציקער... לייבלעכער מיינער!...

לייבקע ציט אויס די הענט אויף אהינטער, באפרייט קוים דעם געקלעמטן קאָפּ און קערט אים אויס אויף צוריק.

— מאריא! — רעדט ער קוים ארויס דערפרייט, און דערלייכטערטע אויגן. — דו לעבסט, און כמעט

ניט געשריבן! אויסגעבראָכן זיינען דאָך דאָרטן פּאָגראָמען אין דעם שטעטל.

— נו, איז וואָס־זשע? — ענטפערט מאַריא. — איך בין דאָך ניט איינע אליין געווען. מיט אלע יידן אינאיינעם בין איך געווען. און דו ביסט געוועזן מיט מיר, דאָרטן אין וואלד, ביים קלאָג און געוויין פון טויזנט ווייבער און קינדער, איך בין געשטאַנען דאָרטן ביים בוים לעבן דיר, און מעגלעך, אז איך האָב אויך געוויינט ווי אלע. דו ביסט טויט־בלאס געווען און אומרואיק. דיינע הענט זיינען געלעגן אויף מיינע פּלייצעס, און געאָרעמט מיין האלדז, און דו האָסט מיר שטיל געזאָגט:

— וואָס מיט אלע יידן, וועט זיין מיט אונדז, מאַריא. מיין הארץ האָט דיר געענטפערט:

— מיר זאָל זיין פאר דיין לעבן און פארן יידישן פאָלק, לייב!

— גיב מיר דיינעביידע הענט, מאַריא!

ער כאַפּט צו זיך אירע ביידע הענט, קושט זיי און דריקט זיי צום הארצן צו זיך.

אין אודיטאָריע קומען אריין סטודענטן. א גליק־שיין צעלויכט מאַריאס אויגן.

### 8.

— מאַשאַ! מאַשענקאַ! האָסט זיך צוזאמענגעפלאָנ־טערט מיט דיין זשידאָק. ניט צו צנעפלאָנטערן דיך.

— מאשענקא! אויף לאַנג אָדער קורץ און דערוויל?

— צעשראָקן זיינען שטענדיק זיינע גרויסע טונגקל־בלויע אויגן. וואָס שרעקט ער זיך עפּעס? פאַר וועמען? פאַר וואָס? ער פילט זיך ווי באַגאַנגען אַ שולד?

— און מעגלעך, ער האָט מורא פאַר אונדז? פאַר די רוסן? מיר וועלן אים ניט שלאָגן.

— און ניט ליב האָבן אויך. מיר האָבן ניט ליב קיין צעשראָקענע מענטשן.

— מיר — ניט. און אַנדערע, מעגלעך, וועלן אים יאָ שלאָגן. אַ ייד איז ער דאָך. און יידן זיינען אַלע כיטרע און פאַלשע. און באַהערשער זיינען זיי אַלע איבער אונדזערע קעפּ. קריכערס זיינען זיי, וואָס קאָמאַנדעוועט ווילן.

— אינטערעסאַנט: ווען מען שלאָגט אָט דעם זשידאָק דיינעם, וועט ער זיך קעגנשטעלן צו זיין שלאָגער אָדער אַנטלופן וועט ער? אַ, מאַשענקאַ, ווי מיינסטו?

— פון פראָנט אַנטלויפן זיי, און מיר, די רוסן, בלייבן שטיין ביז צולעצט.

— דאָ אין לאַנד זיינען זיי העלדן מיט די פלינקע צינגער און מיט די פּיפּיקע קעפּלעך זייערע.

— מאַשענקאַ! אויף זומער־פּראַקטיק ביסט געפאָרן אין זשידישן שטעטל אַריין, צום פאָלק ביסט געגאַנגען צו זייערן, ניט צום רוסישן פאָלק אין דאָרף אַריין,

נאָר צו דעם זשידישן. ווי אזוי האָט דיר דאָרטן גע־שמעגקט ביי די זשידעס?

שווייגט מאריא א ווײַלע און ענטפערט:

— עס האָט דאָרטן מערער מיט מאָסקווער בראָנפּן געשמעקט, מיט שיכורן גאַווער, אויסגעמייקנט דורך די שיכורים, וואָס זיינען געפאַלן צו דער ערד טויט־שיכור ביי די בראָנפּן־געוועלבן, מיט בראָנפּן פון מיילער און העלדזער פון די האלב־שיכורע דאָקטוירים ביים אויפנעמען קראנקע, מיט בראָנפּן, וואָס עס האָט געשמעקט פון סאָוועטישע טוערס, פּאַרטיי־טוערס, ווען זיי האלטן רעדעס בייטאָג פאר די ארבעטער, דאָרטן האָט געשמעקט מיט בראָנפּן פון שכורע אר־בעטער און זייערע ווייבער, ווען זיי קומען צו זייער אמתן שטאנד און ברעכן צעיושעט יידישע הייזער, הארגענען אומשולדיקע מענטשן און ראַבעווען אוועק דאָס אָרעמע האָב און גוטס, דאָרטן שמעקט מיט בראָנפּן פון די רוסישע קאָלכאָזניקעס, וואָס וואלגערן זיך שיכור אויף די פעלדער ביים אקערן, זייען און שניידן, דאָרטן, ווי אויך דאָ, שמעקט מיט בראָנפּן פון די רוסישע סטודענטן־מעדיקער און ניט נאָר מעדיקער, וואָס פּארמעסטן זיך צו זיין די פירער און אָרגאניזא־טאָרן פון אונדזער רוסישן פּאָטערלאנד. אין אונדזער שיכורן לאנד שמעקט מיט בראָנפּן, חברים־סטודענטן, און מיט פּאָגראָמען עס שמעקט.

— גענוג שוין דיר, זשידישע טוואר! האָסט דיין

נשמה פארקויפט צו די ושידעס. וויפל צאָלן זיי דיר פאר דיין לייב און דיין פעל ?

— ארויס פון מיין שטוב און פון מיר ! און קיינמאָל ניט טרעטן מיין שוועל זאָלט איר ! און פאר דער טשעקא קיין וואָרט ניט ! אניט וועט איר זיצן אינאיי־נעם מיט מיר !

## .9

א גאנצן טאָג לעקציעס. אָנגעפאקט דעם קאָפּ און פארצייכנט און פארנאָטירט. צערוקן זיך בענקלעך, און מידע סטודענטישע קעפּ און צעמאטערטע גופים שטייען אויף פון זייערע פּלעצער, נעמען צחונויף ביכלעך און העפטן און פעדערס, רוקן עס אלץ מאשינאל אין די טעקעס אריין, כאפּן עס צו די אָרעמס ארונטער און ניט געטראכט מער און כמעט ניט געקוקט מער לאָזן זיך גיין צו די טירן און צום דרויסן ארויס.

א הארבסטיקע נאכט איז שוין צוגעפאלן. קאלט איז. א שארפער רעגנדל שמייסט אין פנים אריין און מאכט ציטערן דאָס לייב. מיטן אלטן פּארק דארף מען גיין צום סטודענטישן אינטערנאט, וווּ יעדער איינער האָט זיך זיין ענגן צימערל. זיי ביידע, לייבקע און מאריא, וווינען אין אינטערנאט. און זייער וועג איז איינער.

— לייב! קום צו מיר אויף א שעהלע נאַר, צו מיין פייערל קום!

— קום, לאָמיר גיין, מאריא! אויף א קורצער ווייליכקע נאַר. איך האָב נאָך היינט איבערצושרייבן די לעקציעס אלע פאר אונדז ביידן.

דער רעגן שניידט וואָס א מאָל אלץ שטארקער. מאריא גייט אָנגעטאָן אין א לייכטן געוואנטענעם מאנטל. דער קאָפּ אירער איז בלויז. כאפּט לייבקע אראָפּ פון זיך זיין רעגן־מאנטל, ווארפט אים איבערביידנס קעפּ ארויף און אריבער און כאפּט ארום מיט דער רעכטער פּאָלע מאריאן. זיין רעכטע האנט בלייבט ליגן אויף איר אקסל, צוהאלטנדיק די פּאָלע. ציט מאריא אראָפּ זיין האנט און לייגט זי צו זיך צו איר גארטל ארויף. און קלעמט זי צו זיך מיט איר רעכטן אָרעם.

דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט לייבקע דערפילט מיט זיין האנט א מיידלשן גוף. א הייסער שטראָם האָט א זעץ געטאָן צו זיין הארץ. זיין לייב האָט א ציטער געטאָן און גלייך האָט א זיסער גענוס־צאפּל אָנגעכאפּט זיין גאנץ לייב און א זעץ געטאָן אין קאָפּ אריין. זיין רעכטע האנט, וואָס אויף מאריאס גארטל, האָט א קלעם געטאָן איר לייב מיטן גאנצן כוח און א דריק געטאָן מאריאן צו זיך. מאריאס הארץ האָט א פלאטער־אויף געטאָן, דער קאָפּ האָט זיך איר מישן גענומען און איבערן גאנצן לייב האָט א ברויז געטאָן מיט ליבשאפט און פרייד און באלדיקן

געווס. שטייפער, קרעפטיקער ווערט לייבקעס האנט ביז צום שטיקן זי. אַנגעקוואָלן פון מענערשער קראַפט איז איר לייב און דערפילט זיין צאַפּל מיט פרייד פון דערוואַרטונג, כאַפּט זי אָן זיין קאָפּ מיט איר רעכטער האַנט, טוט אים אַ צי צו זיך און קלעמט איין אירע פאַרשמאַכטע ליפּן צו זיינע און לאָזט זיי לאַנג ניט אָפּ פון זיך. און ווען זיך קוים אָפּגעריסן האָט זי זיך, שעפּטשען די ליפּן:

— לייבלעכער מיינער! האַרציקער מיינער! מיין לעבן פאַר דיר! וואָס בין איך שולדיק, אַז דו ביסט מיין גאַנץ לעבן, מיין האַרץ, מיין נשמה ביסטו!? נעם מיך! דיינע בין איך! פאַר דיר און פאַרן יידישן פאָלק שטעל איך איין מיין לעבן! און צום טויט מיט פרייד נאָר מיט דיר אינאיינעם און זיך ניט שיידן מיט דיר!

— מאַריאַ מיינע!

— לייב! מיין לעבן! איך דאַנק דיר, וואָס דו לעבסט אויף דער וועלט! היינטיקן פייערל דיינעם וועל איך טראָגן אין מיין האַרצן ביז מיין לעבן!

* * *

## 10.

איינמאָל שטייט שרה די ברויט־בעקערקע אויפן גאַניקל ביי איר שטוב און קוקט זיך איין. זעט זי: אַ מיידל מיט אַ וואַליזקעלע אין דער האַנט גייט דאָ דערביי אַרום, און די אויגן דער מיידלס זוכן עפּעס,

קוקן צו שרהעס שטוב אַרויס. פרעגט שרה:

— זוכסט װעמען, חברטע? אפשר קאָן איך דיר באהילפיק זיין?

— איך זוך שרה די ברויט־בעקערקע. — ענטפערט דאָס מיידל.

— דאָס בין איך שרה די ברויט־ בעקערקע. אָט האָסטו זי אליין, אָט ווי דו זעסט מיך.

— א דאָקטערקע בין איך. — זאָגט דאָס מיידל. — געשיקט אהערצו ארבעטן אין שטעטל. זוך איך א דירהלע, א צימערל פאר זיך. האָבן מיר מענטשן אנגעוויזן צו אייך גיין און פרעגן.

— א צימערל האָב איך, אבער איך ווארט, מיין זון דארף קומען, אויך א דאָקטער איז ער. און דו ביסט איינע אליין, חברטע, אָדער א מענטש מיט א געזינד?

— איינע אליין בין איך.

איז גוט. וועל איך פרעגן מיין מאַן, וואָס וועט ער זאָגן. ווארט דאָ אויף א ווייליקנע, נאָר.

גייט שרה אין שטוב אריין.

— אברהם! א, אברהם! עפּעס א מיידל, א דאָק־טערקע וויל דינגען דעם חדר ביי אונדז. אָן שטייט זי אינדרויסן. נאָר ס'איז מיר עפּעס קשה דאָס מיידל. יידיש רעדט זי ווי א וואסער, און דאָס פּנים איז איר א גוייש, א קיילעכדיקס, מיט גרויסע העלע גויישע אויגן, מיט גויישע לייגעננע האָר.

מילא, עס טרעפט ביי יידן אויך אזעלכע פנימער. אָבער ווען עס קומט לייבקע?

— וועל איך איר זאָגן אזוי און וואָרענען.

גייט שרה ארויס צו דעם מיידל און לייגט איר ארויס אלץ.

— גוט! — ענטפערט דאָס מיידל. — גלייך ווי ער קומט, דינג איך זיך אן אנדער דירה.

— איז רעכט. — ענטפערט שרה.

און געבליבן ווינען איז די דאָקטערקע אין שטוב ביי שרהען.

* * *

## .11

אין דער פּאָליקליניק ביי דעם קאבינעטל פון דער נייער קינדער־דאָקטערקע שטייען און זיצן ווייבער מיט קראנקע קינדער אויף די הענט און ביי די הענט. ריידן ווייבער, שמועסן ווייבער:

— א מלאך, ניט קיין דאָקטערקע איז זי. כאפּט דאָס קינד צו זיך אין שויס אריין, קושט אים אין די בעקלעך, גלעט אים דאָס קעפּל, גיט אים שפּילן דאָס רערל אירס, רעדט צו אים הארציק. שטילט איין דאָס קינד, הערט זי אים אויס, גיט אים צוריק צו דער מאמען, פארשרייבט א היילונג און מונטערט:

— געזונט וועט זיין דאָס קינד, אָבער כאָוועז אים דארף מען, מאמעלע!

— עפעס ניט קיין יידישע איז זי אויפן פנים און דאָך הארציק ווי א יידישע מאמע.

— ווי רופט מען זי, די דאָקטערקע ?

— מרים רופט מען זי. אַ יידישע טאָכטער. און איר ליבשאפט צו יידן איז ביי איר זיכער ווי ביי א יידישער טדכטער.

און אין גאסן און געסלעך אין ענגע, ווו די דאָקטערקע איז אן אָפטע גייערין צו די ענגע און אָרעמע הייזקעס מיט קופּעס קראנקע קינדער, כאפּט זי אויף צו זיך הארציקע בליקן פון מאמעס און דאָס נאָכאנאנדיקע :

— א גוט מארגן, דאָקטערקע ! א געזונט אייך, דאָקטערקע ! און אהינטער זיך הערט זי :

— אונדזער מרים, געזונט זאָל זי זיין !

— וואָס ווילסטו : א יידישע טאָכטער ! ווי דען־זשע ! עס וואָלט א גויע אזוי הארציק געווען צו יידן ?

און פון דער ארבעט נאָכן אויפנעמען קראנקע אין דער פּאָליקליניק און נאך שעהען ארומגיין איבער גאסן און געסלעך צו היימישע קראנקע קערט זיך די דאָקטערקע אהיים צו זיך אין איך דירהעלע אריין. מיד איז זי, און אהיים גייט זי מיט א דאָפּלטער פרייד. דאָרטן, אין שטוב ביי איר, ווערן זי אויפנעמען שרה דער ברויט־בעקערקעס טונקל־בלויע עטוואָס צעשראָקענע אויגן. מאָדנע הארציקע, ריידנדיקע, אָט

אזעלכע ווי ביי אים, ביי איר לייבן. און זאָגן וועט שרה צו איר:

— ביסט מיד, מירעלע? רו זיך אויס, טאָכטערל! און איך וועל דיר דערווייל אָנווארעמען דאָס עסן.

שטיל רעדט שרה, עטוואָס געצויגן די ווערטער, און ווערטער קומען איר פון הארצן ארויס ביי שרהען. און עפעס א הארציקע שטילקייט רוט אין דער שטוב. קיין הויך וואָרט, קיין שלעכט וואָרט, קיין צעקאָכט געבייזער. און א וואָרט איז מיט ליבשאפט, מיטן גוטן ווילן, מיט שטענדיק גרייט זיין צו טאָן יענעם א טובה. דאָס איז שרה דער ברויט־בעקערקעס שטוב.

און אנומלט נאָך האלבער נאכט קלאפט עמעצער האסטיק אין טיר צו שרהען. שפריגט זי אראָפּ שרה, פון בעט און פרעגט זיך נאָך וואָס און וועמען מען דארף ביי איר האָבן.

— צו דער דאָקטערקע! ראטעווען א קינד פון טויט.

קלאפט שרה שטיל צו דער דאָקטערקע:

— טאָכטערל! מירעלע! מען רופט דיך צו א טויט־קראנקן קינד.

כאפט די דאָקטערקע אויף זיך עפעס א לאנגן מלבוש און גייט ארויס צו די רופער. פאלן איר צו די פיס א יונגע פאָר פאָלק מיט א געקלאָג:

— דאָקטערקע! ראטעווע אונדזער קינד! עס שטיקט זיך.

— די מינוט! — ענטפערט די דאָקטערקע, לויפט

צו זיך אין צימער אריין, טוט זיך אָן אויפגיך, כאפט דעם מעדיצין־רענצל און צו די רופער.

צו דעם פארפאלק:

— קומט! און ואָס גיכער!

אינדרויסן איז א בלענד־פינצטערניש. קאלטער ווינט און רעגן. א פורל ווארט זי אויף. זי קלעטערט ארויף צום וועגעלע און הייסט דעם פורמאן:

— גיכער! וואס גיכער!

— האלט זיך, דאָקטערקע, איך וועל טרייבן.

ביים שיין פון א לעמפל האָט די דאָקטערקע דערזען דאָס ערשטע דעם ווינקל, באהאנגען מיט איקאָנעס מיט אן אייל־לעמפעלע באלויכטן.

— א לאמפ גיט! ווו איז דאס קינד?

ביים ערשטן בליק איז איר אלץ קלאָר געוואָרן: דיפטעריע. אָפערירן.

— וואסער אויפקאָכן! שנעל! א גרויסן טיש באדעקן מיט א זויבער ריינעם ליילעך!

און ווען די געהעריקע אינסטרומענטן זיינען שוין געווען געזאָטן און זי אליין, די דאָקטערקע, האָט זיך געהילט אין איר ספעציעל־כירורגישן כאלאט און דעם ווייסן מיצל, הייסט זי:

— לייגט דאָס קינד צום טיש און האלט אים די הענטלעך און פיסלעך און דאָס קעפל צו.

פלינקע געניטע פינגער אין גומי־הענטשיקלעך האָבן

צעקלעמט דאָס מיילעכל ביים קינד, א שיין געטאָן מיטן קאָפּ־שפּיגעלע צום קינדס גאָרגל, באַשמירט אים און גלייך א פּיר אויף געטאָן מיטן לאַנצעט. דאָס קינד האָט באַלד גענומען כאַפּן אָטעם און צעעפנט די אויגן.

— גערעטעוועט! גערעטעוועט מיין קינד! — האָט זיך די מאַמע צעוויינט. און דער טאַטע האָט זיינע טרערן געווישט.

און אַז דאָס קינד האָט גענומען בעסער צו אָטעמען און זיין גאָרגל איז געוואָרן נאָך און נאָך א מאָל געשמירט, האָט זיך די דאָקטערקע, א מידע, א פאַר־שמאַכטע, זיך צוגעשפּאַרט צו א בענקל און אליין אָפּגעאָטעמט. ביזן גרויסן טאָג איז זי געווען ביים קינד און געגעבן אים היילונג. און ביים געזעגענען זיך האָט זיך די מאַמע פונעם קינד ווידער צעוויינט.

— וואָס וויינסטו, מאַמע? דיין קינד לעבט און וועט לעבן און געזונט וועט עס זיין.

— פריער גאָט און דערנאָך דו, דאָקטערקע!

— דאָקטערקע! — פרעגט דער פאָטער פון קינד. — וואס איז אונדזער געצאָלט פאר דיר?

— פאַר ראַטעווען מענטשן נעם איך קיין געלט ניט. דאס איז מיין יידישער חוב און מיין מענטשלעכער חוב.

— דאָקטערקע, ביסט דען א יידישקע?

— יאָ! א יידישקע בין איך!. — ענטפערט די דאָקטערקע פעסט און זיכער און געהויבן דעם קאָפּ.

— כאַטש א יידישקע און דאַך א ווילע און א גוטע!

— ענטפערט דער פאטער.

— א מעדיצין־שוועסטער וועל איך צושיקן צו אייך באלד, און אליין וועל איך קומען אים געוואַרווערן נאָך האלבן טאָג.

א בייזער בליק דעם פאטערס האָט באגלייט די דאָקטערקע ביז צו דער טיר ארויס.

* * *

## .12

די דאָקטערקע טרעט קוים אריבער די שוועל פון איר שטוב, גייען איר אנטקעגן שרהעס צעטומלטע אויגן. „אן אומגליק האָט געטראָפן אין שטוב". — האט זי א טראכט געטאָן, — אפשר וואס מיט אים דאָרטן האָט פאסירט.

— וואס איז, מאמעלע? — פרעגט די דאָקטערקע אומרואיק. — וואָס איז געשען?

— טאָכטערל, מירעלע! — ענטפערט קוים שרה. — אן אומרו אין שטעטל!

צו א פאָגראָם זאָל עס זיין!

מילא, מיר, יידן, וואָס קאָנען מיר העלפן! אָבער דו דיך האלט מען אין שטעטל פאר א רוסישער טאָכטער, איז פארוואָס זאָלסטו ליידן איבער אונדז?

— מאמעלע! און דו אליין, ווי האלטסטו מיך: פאר א רוסישער צי פאר א יידישער טאָכטער?

בלייבט שרה א ווייל'נקע שווייגן און ענטפערט:

— הלואי וואָלטן א סך יידישע טעכטער געווען אזעלכע ווי דו! עס אַרט מיך פאר דיר. וואָלסט אפשר גיין צו די רוסישע שכנים דאָרט בלייבן זיצן ביז אדורך וועט דער פאָגראָם און דערנאָך זיך קערן צוריק.

— מאמעלע! — ענטפערט די דאָקטערקע אנט־שלאסן. — איך וועל אין ערגעץ ניט גיין זיך באהאלטן. מיט יידן וועל איך זיין און שטארבן מיט יידן אינאיינעם.

אינדרויסן רוישט א בהלה, א רעש. אן איינגעלויף. צעשוידערטע, צעשראָקענע, צעצאפלטע, צעטומלטע, צעמישטע אלטע און יונגע, ווייבער און קינדער, באאומזיניקטע, מיט ווילד־געשטארצטע בליקן זוכן עפעס, פרעגן איינער דעם צווייטן, לאָזן זיך לויפן, שטעלן זיך אָפּ, קוקן זיך אום, וויינען, קלאָגן, קרעכצן, ברעכן זיך הענט און לויפן ווידער אין ערגעץ אוועק.

געהילט אין איר ווייסן כאלאט מיטן רויטן צלם אויף דער ברוסט, מיטן ווייסן מיצל אויפן קאפּ איז די דאָקטערקע ארויס פון שטוב און אָנגעכאַפּט זיך מיט די צעבהלהטע יידן.

— אוווּ, אויף וועלכער גאס גראַמירט מען? — פרעגט זי די לויפנדיקע.

— זיי זאמלען זיך אויפן מארק־פלאץ. דאָרטן איז דער פירער זייערער. ער רעדט צו זיי. באלד נעמען זיי זיך צו דער שחיטה.

דאָס הארץ אירס האָט א רוף געטאן צו איר:

— זיך שטעלן קעגן די גראַמירער! און זאָל זיין זי איינע אליין! אויסקויפן מיט איר טויט דאָס גאַנצע שטעטל, אָדער פאַלן די ערשטע וועט זי! אלנפאלס גיין דארף זי איצט אין דער מינוט צו זיי!

אויפן מארק־פלאַץ נעמט זיך א געזעמל פון צע־רייצטע, צערודערטע, שיכורע, צעקאָכטע מענטשן, באוואָפנטע מיט העק און מיט פרענטן. א געטומל, אן אויסגעשריי, א גערוף פון צענדליקער הייזעריקע גאָרגלען. העכער פון אלעמען, אויף אן אנשפאר שטייען צוויען. די דאָקטערקע האט זיי באלד דער־קענט. דאָס זיינען טאטע און מאמע פון דעם געראטע־וועטן קינד. זיי, זעט אויס, זיינען געווען די אָרגאניזא־טאָרן פון דעם פאָגראָם.

זיך אדורכגעשטופט דורך דער צעווילדעטער מענגע, קומט צו די דאָקטערקע אויג צו אויג מיט דעם פּאָר פּאָלק, קוקט זיי אָן א ווײַלע, קערט זיך אויס באלד מיטן רוקן צו זיי און צום געזעמל א רוף געטאָן:

— הארגעט מיך! און איבער מיין טויטן קערפּער וועט איר קומען צו בלוט־פארגיסונג אין יידישע הייזער:

די דאָקטערקע צעשפרייט אירע אָרעמס, זיך אויס־געצויגן ווי גרויס זי איז געווען, פארהויבן דעם קאָפּ און א צווייטן מאָל א רוף געטאָן צו דעם געזעמל:

— הארגעט מיך די ערשטע! הארגעט!

א טויט־שטילקייט האָט באנומען דעם געזעמל.

דלאָניעס מיט העק און פרענטן זיינען געפאלן פון די פלייצעס אראָפּ צו די פיס. קעפ האָבן זיך געבויגן צו דער ערד.

— באַצאלט מיר מיט מיין בלוט פאר אייערע גע־ראטעוועטע קינדער! ניט פארגיסט קיין בלוט פון אייערע יידישע ברידער, אזעלכע אָרעמע ווי איר זייט!

— קינס שטעמפל וועט אייביק ברענען אין אייערע הערצער און קעפ! אייביק!

—ברידער פראוואסלאוונע! אהיים לאָמיר גיין צוריק צו אונדזערע הייזער!

אין א טיפן שווייגן צעגייט זיך דאָס געזעמל. האנט ביי האנט אינאיינעם מיט זיי גייט די דאָקטערקע. גויעס מאכן איר א וועג און צלמען זי.

— מאריא מאגדאלינא! — הערט די דאָקטערקע אהינטער זיך.

און שפעט אינאָוונט, אז דאָס שטעטל האט זיך גע־שטילט און בארואיקט, איז שרהעס שטיבעלע געפאקט געוואָרן פון מאנסביל און ווייבער. אלע האָבן דערציילט פון דעם מסירת נפש פון דער דאָקטערקע.

— שרה! איז ווער איז דאָס מיידל: א גויע צי א יידישע? — פרעגט א יידענע.

— א גויע איז זי אודאי ניט! — ענטפערט א צווייטע. — א יידישע איז זי!

— ווער ווייסט... אפשר נאָך העכער פון א סך יידישע טעכטער. — ענטפערט שרה.

## 13.

כאַפּט שרה דעם בריוול פון דעם פּאָסט־טרעגערס האַנט און קוקט זיך איין אין אים. אירע פינגער נעמען ציטערן.

— אברהם! קום גיכער אהער! א בריוול פון לייבקען!

קומט אברהם מיטן שטיקל ארבעט אין דער האַנט, מיט די ברילן אויפן שטערן. שרה לייענט וואָרט ביי וואָרט:

— צו מיינע ליבע עלטערן אברהם און שרה זאָלן לעבן און געזונט זיין! פון אייער זון לייבקען. איך קום אייך צו לאָזן הערן, אז באלד פאָר איך אהיים צו אייך און וועל שוין פארבלייבן אויף שטענדיק אין שטעטל ארבעטן פאר א דאָקטער צו זיין. און קומען וועל איך ניט אליין, נאָר מיט מיין ווייב מאריא איוואַנאָוונא.

— וואָס? וואָס? — צעקאָכט זיך אברהם. — א גויע א ווייב וועט ער מיר אריינברענגען אין שטוב? איך דארף ניט קיין גויעס ביי זיך אויף צו מאכן פּאָגראָמען ביי מיר! נחת פון קינדער דערלעבט! זאלן עס טאָן די נגידישע זינדלעך און ניט באלמעלאָ־כישע קינדער!

— שאַ—שאַ! וואָס האסט זיך צעקאָכט?! גוים זיינען אויך מענטשן. און ניט אלע גוים זיינען פּאָגראָמשטשיקעס.

— אלע! אלע זיינען זיי פּאָגראָמשטשיקעס, אָפּענע און פארבאהאלטענע, שטילע פּאָגראָמשטשיקעס.

— און מען ווייסט נאָך ניט, אברהם, ווער אונדזער דאָקטערקע איז: א גויע צי א יידישקע.

— מילא, די דאָקטערקע. און קלאָרע ווערטער זאָג איך דיר, שרה:

איך וועל ניט ארויפלאָזן די גויע זיינע אויף דער שוועל!!

—און איך וועל זי יאָ ארויפלאָזן! מיין זונס ווייב איז זי! און איך וועל זי מקרב זיין, און ליב האָבן וועל איך זי, און א יידישע טאָכטער וועט זי ווערן ביי מיר...

— וועסט זי אפשר מגיר זיין מיט דיין ליבשאפט?

— יאָ! מגיר זיין וועל איך זי זיין ווײַב מיט מיין ליבשאפט צו איר און אָן א רב און אָן קהל וועל איך זיך באגיין דערביי. און זי, די גויע, וועט מיר ענטפערן מיט ליבשאפט.

— דיר אפשר יאָ און דעם מאן אירן אויך, און דעם יידישן פאָלק־ניט! א שונא ישראל וועט זי בלייבן, און ציען וועט זי צו די גוים, צו די לייבלעכע ברידעגר צו אירע. א היינטיקע יידישע טאָכטער וועט זיך אפשר ניט שטעלן פאר יידן, אָבער קיין פּאָגראָמען אויף יידן וועט זי ניט מאכן. און גיור איז בלויז א יידישע דעקטוך איבער רוסישער פיינטשאפט צו יידן. און דיין ליבשאפט, שרה... אודאי איז ליבשאפט א

גרויסע ווערדע, אָבער באַזין זיך, שרה: צו ווּעמען און פאַר וועמען איז דיין ליבשאַפט? ליבשאַפט צו שונאים פון יידישן פאָלק?! מען דאַרף דאָך אָפּמעקן פון יידישן הארץ דעם כבוד און אפשיי פאַר דעם אייגענעם באַמען ייד אויף צו ליב האָבן שונאי ישראל!

— מאָל דיר, אברהם, אַזוינס: אונדזער לייבקע האָט חתונה געהאַט מיט אונדזער דאָקטערקע. איך זאָג: מאָל דיר מערנישט. און דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זי איז אַ גויע. וואָלסטו זי מקרב געווען פאַר אַ לייבלעכער טאָכטער, די דאָקטערקע? אַ?

— וואָס גלייכסטו, שרה, אַ מענטשן, וואָס האָט איינגעשטעלט איר לעבן פאַר אַ שטעטל מיט יידן? פאַרן יידישן פאָלק מיט מסירת נפש! אַ קלייניקייט: צום טויט אליין געגאַנגען פאַר יידן! וואָס פרעגסטו, שרה?! יידן דאַרפן זיך בענטשן מיט איר...

אברהמס קול ציטערט אויף. שרה ווישט אירע טרערן.

— אָט צו וועמען מען דאַרף יידישע ליבשאַפט האָבן! — רעדט אברהם פון האַרצן אַרויס.

* * *

## 14.

לייבקע שטייגט אַראָפּ פון וואַגאָן, בלייבט שטיין אַ ווײַלע אויף דער באַן־פּלאַטפאָרמע און קוקט זיך אום. דער איינציקער מענטש, דער סטאַנציע־דעזשורנרע באַגלייט דעם צוג און פאַרשווינדט ערגעץ.

לייבקע בלייבט איינער אליין. ער קוקט זיך איין

צו דעם וועג, וואָס פירט צום שטעטל: עס גט אים אפשר ווער אנטקעגן צו באגעגענען אים.

— קיינער ניט! — רייסט זיך אים פארדראָסיק פון הארצן ארויס.

פון אהינטער די געדיכטע גרינעביימער גייט שטיל ארויס די דאָקטערקע, קומט אָן נאָענט צו אים פון אהינטער. צוויי ווארעמע אָרעמס באפאלן לייבקעס האלדז און ציען זיין קאָפ צו זיך. לייבקע באווייזט ניט זיך אומצוקוקן.

— קיינער ניט! — זאגט נאָך די דאָקטערקע. אין ווי א טויט־דאָרשטיקער, וואָס כאפט זיך־צו צום קוואל וואסער און טרינקט פון אים זשעדנע, איז צוגעפאלן די דאָקטערקע צו לייבקעס ליפן, געקלעמט זיך צו זיי, זיך אפגעריסן א רגע און ווידער צוגעקלעמט דאָרשטיק און געקושט.

— הארציקער מיינער! — רעדט זי קוים ארויס, כאפנדיק אָטעם צוליב די קושן. — שוין זייער — זייער פארבענקטמ זיך נאָך דיר!

— מרימל מיינע! מיין איינציקע! מיין טייערע!

— הארציקער! — זאגט זי צו אים מיט א שטראלנ־דיקער ליבשאפט פון אירע גרויסע אויגן. — קום, לאָמיר גיין אהיים, צו מיין היים און צו טאטע־מאמעס היים. מיר אלע ווארטן אויף דיר. שוין לאנג, אז מיר ווארטן אויף דיר.

— מרימל! צום הארצן זיינען מיר געקומען אלע בריוועלעך דיינע. און באזונדערס דאָס לעצטע ברי־וועלע פון דיין באגעגעניש מיט די פּאָגראָם־לייט. ווו האסטו געשעפּט אזוי פיל מוט און דרייסטקייט זיך קעגנצושטעלן די צעווילדעטע מענטשן? עס איז דאָך געגאנגען אין דיין לעבן: איינע אקעגן הומדערט ווילדע!

— הארציקער! די טויזנט צעשווידערטע יידן זיינען מיר געשטאנען פאר מיינע אויגן און פאר מיין הארץ. און דו ביסט געשטאנען מיט מיר, און אין הארצן אין מיינעם האָט אפגעהילכט דיין וואָרט:

— דער איז א ייד, וואָס טראָגט זיין יידישן נאָמען הויך ווי א פאָן! דער איז א ייד, וואָס שטעלט איין זיין לעבן פאר יידן! איך האָב ארונטערגענומען דיין גרענעץ־פארבאָט. דו געדענקסט אים? איך וועל דיר דערמאָנען: „איך בין א ייד און דו ביסט א קריסטן". עס האט מיך געאַרט און גערעגט און רוען ניט געלאָזט טעג און נעכט. עס האָט זיך אין הארצן אין מיינעם פארטשעפּעט דיין אייגנארטיקייט, די טיפענישן פון דיינע אויגן. און איך האָב אויסזוכן געוואָלט די וואָרצ־לען פון דיין יידישער גרענעץ, פון דיין יידישער אפגעפרעמדטקייט צו מיר. צו דעם רוסישן מיידל. דו האָסט מיך ניט געלערנט. צום ערשטן האָט מיך לערנען גענומען די שרעק, וואָס איז געפאלן צו דיינע אויגן, זעט אויס, געלויערט דורך וועמען. צוויי פּאָגראָמען

און צוויי טויזנט צעשוידערטע יידישע אויגן האָבן מיך געלערנט. און צולעצט שוין דיין געבאט: זיך שטעלן פאר יידן. נאָך די צוויי פּאָגראָמען בין איך שוין מער קיין רוסישע ניט. א יידישע בין איך, איינע פון די פארפאָלגטע, וואָס גייען ארום מיט צעשראָקענע אויגן. פון מיין הארץ און געדאנק האָט זיך שוין אויסגעוועפּט דאָס געוועזענע רוסישקייט מיינע, אין מיין בלוט איז נאָך מעגלעך פארבליבן מיין ירושהדיקע רוסישקייט.

— הארציקער! ענטפער מיר:

וואָס בין איך? — אַ יידישע אָדער א רוסישע?

— א יידישע! אויב ניט נאָך העכער פון א יידישער!

— די טעג זיץ איך אין צימער ביי זיך און הער א הארבן געשפּרעך צווישן דיין טאטן און מאמען וועגן דיין לעצטן בריוול צו זיי. דיין טאטן האָט אויפגעבראכט די מעשה מיט דער גויע מאריא איוואנאָווגא דיין ווייב, וואָס דו ווילסט אריינברענגען צו זיי אין שטוב אריין. דיין טאטע וועט זי ניט לאָזן אויף דער שוועל. די מאמע דיינע וואָלט זי נאָך אפשר יאָ אריינגעלאזט. די מאמע האט אים אויפגעוויזן, אז מען ווייסט נאָך ניט זיכער, ווער די דאָקטערקע איז — א יידישע צי א רוסישע, ענטפערט איר דער טאטע גערירט:

יידן דארפן זיך בענטשן מיט איר!

— דאָס יידישע פאָלק האָט מיך ביי זיין ליידן און פיין אויפגענומען צו זיך און מגיר געווען פאר א

יידישער טאָכטער צו זיין. עס איז ניט קיין קליינקייט מיין הארציקער!

* * *

## .15

אין שטוב גייט אריין די ערשטע די דאָקטערקע און גלייך אין צימער צו זיך. א ווײלינקע שפעטער קומט אריין לייבקע. איז ניט שייך: האלדזעניש און קושעניש און טרערן און די מאמע לאָזט אים ניט אָפּ פון זיך, לייבקען, גלייך ער איז אירער אינגאנצן.

— שרה! — בעט זיך דער טאטע אברהם. — אבער לאָז מיר אויך איבער א שטיקל קינד אָנקושן אים. ניט אלץ אין אים איז דאָך דיינע!

און ווען אנגעהאלדזט זיך און אנגעקושט דעם יינגל האָבן ביידע, אי טאטע, אי מאמע, און פרעגן געגומען האָבן איינע די אנדערע פון געזונט און פון תכלות, פרעגט דער טאטע:

— לייבקע! און ווו איז די... איך מיין... די מאריע דיינע, די גויע דיינע איז ווו?

— טאטינקע! עס האָט דאָך מיר די מאמע געשריבן, אז דו וועסט זי ניט לאָזן צו זיך אויף דער שוועל!

— אודאי ניט! ווער דארף עס האָבן א שונא ישראל ביי זיך אין שטוב? קארג איז אונדז פאָגראָמשטשיקעס אינדרויסן?!

— זון! מילא, הער אים ניט, דעם אלטן! זאָג מיר:

דו האָסט זי דאָרט ערגעץ איבערגעלאָזט איינע אליין און אוועקגעפאָרן ?!

— אז דער טאטע לאָזט ניט אריין!

— אודאי און אודאי ניט!

— טאטינקע! דו האָסט זי שוין אריינגעלאָזן אין שטוב צו זיך. דו אליין האָסט זי אריינגעלאָזן.

— ווען האָב איך אריינגעלאָזן צו זיך אין שטוב? איך האָב אריינגעלאָזן א גויע צו זיך אין שטוב?! דו קלייבסט פון פייער, מיין זון!

געהערכט א מעשה: איך האָב אריינגלאָזן א גויע צו זיך אין שטוב! ווייז מיר די גויע, וואָס איך האָב אריינגעלאָזן.

לייבקע צעעפנט די טיר פון דע דאָקטערקעס צימערל נעמט אָן די דאָקטערקע פאר דער האנט און פירט זי צום טאטן ארויס.

— טאטע! דו אליין האָסט זי דאָך אריינגעלאזן צו זיך אין שטוב אריין.

— די?? — פארוואונדערט זיך דער טאטע הויך אויפן קול. — א יידישע טאָכטער איז זי! און געבענטשט זאָל זי זיין!

— איז בענטשט אונדז, טאטע און מאמע, מאן און ווייב צו זיין.

— צוערשט, מיין זון, זאָל זי אויפגיין צום יידישן פאָלק און מיט אלעמען ווערן א יידישע טאָכטער.

און צו דער דאָקטערקע זאָגט ער, אברהם:

— טאָכטער! דו ביסט גרייט זיך צו פאַראייניקן מיטן יידישן פאָלק? דו ביסט גרייט צו גיין מיטן יידישן פאָלק מיט זיין לײדן און פּיין? דו ביסט גרייט ליב צו האָבן דאָס יידישע פאָלק מיט אלע זיינע מעלות און חסרונות? דו ביסט גרייט איינשטעלן דיין לעבן פארן יידישן פאָלק?

— איך בין גרייט, פאָטער!

— דו ביסט גרייט צו שווערן דערויף?

— איך בין גרייט, פאָטער!

— איז גוט, מיין טאָכטער!

און צו שרהען זאָגט אברהם:

— איך בעט דיך, שרה:

רוף א מנין מענטשן צו אומגדז אין שטוב אריין, איינע באַלמעלאָכעס. צו א מזל־טוב זאָלן זיי קומען און באלד.

און אז די שטוב איז געוואָרן געפּאקט פון האָרע־פאשנע באַלמעלאָכעס, רופט זיך אָפּ אברהם:

— איך בעט דיך, שרה: דערלאנג מיר דעם קיטל און די יארמלקע מיינע און צינד צוויי וועקסענע ליכט, וואָס דו האָסט זיי געגרייט צו יום כפור.

ביי דער געשפּאנטער שטילקייט דערלאנגט שרה צו אברהמען זיין קלאָר־ווייסן געפּרעסטן קיטל און די נייע סאמעטענע יארמלקע. זי צינדט די צוויי גרויסע וועקסענע ליכט און שטעלט זיי אריין אין די ניי־געשייערטע מעשענע לייכטערס. א הייליקע פייערלכ־

קייט גאנעמט די שטוב. אברהמס פנים צעשיינט זיך פון א נער אויפגעריכטער הערלעכקייט.

— טאכטער מיינע! באדעק דיין קאָפּ מיט א ווייסן טוך.

— זון מיינער! טו אָן אויפן קאָפּ דעם היטל דיינעם.

— יידן! — אברהמס שטים איז היינט מאָדנע דערהויבן. — זייט עדות: מיר נעמען אויף צום פאָלק ישראל און צו אונדזער משפחה די באליבטע דאָקטער־קע אונדזערע. טאָכטער מרים, שווער זיך!

— פאָטער! יידן! איך שווער ביי מיין לעבן: געטריי זיין צו מיין יידישן פאָלק, דעם איינציקן פאָלק מיינעם, ביז מיין לעבן! איך שווער טראָגן מיין יידישן נאָמען הויך ווי א פאָן! איך שווער אין פאָלקישן ליידן און פיין זיך ניט שיידן מיט מיין יידישן פאָלק! איך שווער ליב צו האָבן מיין יידיש פאָלק און פריינדשאפט טראגן צו אלע פעלקער, וואָס ווינטשן אונדז גוטס! איך שווער איינשטעלן מיין לעבן פאר מיין יידישן פאָלק! איך שווער א יידישע טאָכטער צו זיין!

— אמן! — ענטפערט א מנין יידן.

— מרים! טאָכטער מיינע! ביסט שוין היינט א יידישע טאָכטער! — ענטפערט אָפּ אברהם. און איצט מיין זון לייב און מיין טאָכטער מרים: איך בענטש אייך צו זיין איין גוף און איין נשמה, צו באגיין זיך איינער מיטן צווייטן מיט כבוד און מיט ליבשאפט

ביז אייער לעבן און האַדעוועןן יידישע קינדער,
אזעלכע ווי איר!

— אמן! — ענטפערן יידן. און צעווינטשן זיך:
— מזל טוב דיר, אברהם! מזל טוב דיר, שרה!
— מיט מזל זאָלן מיר לעבן, יידן!

איז געווען אין די טעג,

ווען אין בלוטיקע שלאכטן די לעצטע פאר געטריי־ פרייען יידישן לאנד, פאר יידישן כבוד און רעכט איז פארגאנגען דעם גבורס דער שטורמישער רוף: „צום געראנגל, מיין פאָלק! קעגן דעם הערשער־ באצווינגער!".

ווען ביים אָפגיין מיט בלוט איז געפאלן די פאָלקיש ארמיי, ווען ביים טויט־הויך דעם לעצטן איז פון דער דלאָניע צעקלעמטער געפאלן די שווערד ביי דעם פאָלקישן פירער,

ווען אין איינזאמע היימען געקלאָגט האָבן יידישע הערצער אויף חורבן און אומקום.

ווען וועגן און שטעגן געהערט האָבן פרעגן פאר־ חלושט: „און ווו איז דער וועג, און דער אויסוועג אז ווו ?".

ווען רעשטלעך נשמות און גופים פארשמאכטע און פארצאפלטע בליקן געלעכצט האָבן דאָרשטיק נאָך א רוף פון א מוטיקן נביא צום טרייסט און צום לעבן א מונטערן וואָרט, צו א ליכטיקן אויפקום א ווארעמען שטראל,

דעמאָלט

פון זיין הייליקער שטיבל ארויס איז דער פארוואָר־ לאָזטער נביא דער אלטער און צוגעשלייכט ווידער צום פאָלק און ברומען געגומען א הייזעריק ברום און צו זאָגן אזוי:

— צוריק אין די הייזער אריין, און קיין מרידה ניט מער! ניט צו דעם מלכות פון אונטן און ניט צו דעם מלכות אין אויבן! קיין ווידערשפעניקייט מער אין אייערע הערצער און קעפ! און בלוטיקעליידן און פיין איז אייער דורכגאנג באשערטער דאָ אויף דער ערד צו דער ליכטיקער סאַליע אין אויבן, ווו מלאכים־געזאנג, געַנוס און געטראנק וועלן גרייט זיין צו אייך. אין שרעק און אין צאפל זיך בוקן און קניען זאָלט איר צו דעם הערשער דעם מינדסאן און אויסבעטן רחמים און צופאלן אים צו די פיס, ווען אפילו דער פוקס איז א הערשער. קיין ווער, קיין געווער. קיין שווערד ניט געקלעמט! און די שווערד פון דעם מורד פון יענעם באגראָבן זאָל ווערן אויף בוידעמס פארשטויבטע פון הייליקע שטיבלעך אין הייליקן אלטווארג און שימל און מיט שמות צעפליקטע באשאָטן זאָל ווערן!

און צו שייטערס און שחיטות ווי שאָף זאָלט איר גיין, און צו דער הייליקהר סאַליע וואָס גיכער צו קומען.

* ✶ *

יאָרן און צייטן, און אזוי איז געווען.

בלוטיקער שוידער אויף שייטערס צעפלאַמטע. פון מערדערשע שווערדן געפאלן געקוילעט. און צו דער הייליקער סאַליע געגאנגען ווי שאָף אָן ווער, אָן

געוועד, — אויפן ברום פון דעם נביא פון אונטן און אויבן.

* * *

איז געווען אין די טעג,

ווען זין און טעכטער געיאָגטע, געפּלאָגטע, אָן ווהין און אָן ערגעץ, אָן היינט און אָן מאָרגן, אָן היים און אָן לאַנד, אָן א וואַרעמער האַנט, אָן א האַרציקן שטראַל האָבן א היים זיך געזוכט, אַן אייגענע היים אויף אייגענער ערד, און

ווען הערצער צעפלאַמטע און אויגן צעבליצטע די יונגע אַרויף זיינען זיי אויף דער אַלט־יידישער ערד, צעהילכט האָט א שטורמישער רוף פון א נביא:

— יוגנט! מיט אַקער און שווערד זאָלסטו בויען דיין היים! און א יונג־יידיש פאָלק זאָל דאָ אויפשטיין פון דיר! און רופן זאָל דיך דיין יונגער, דיין אייגענער נביא און פירן זאָל דיך מיטן פאָלקישן וועג צו ליבשאַפט און לעבן, באַוואָפנט מיט אַקער און שווערד! קריץ זיך די ווערטער אין האַרצן אין דיינעם, ווי לוחות, יידישע יונג־פאָלק!

און געדענק: פאַר אונדזער געטריי־פרייער היים, פאַרן יידישן פאָלק זאָל אין בלוטיקע שלאַכטן דיין שווערד זיין געקלעמט ביז דיין טויט־הויך דעם לעצטן!

איז געווען אין די טעג.

ווען צוזאַמגעגנס די שלאַכט פאַרן לאַנד, פאַרן פאָלק, איז א מחנה פון יידישע הערצער צעברויזטע און

יידישע אויגן צעבליצטע צו די בערג פון אפרים אוועק, און גיין צו די הויכן ארויף, ווו בר כוכבא עס רוט, מיט זיין שווערד און אינאייינעם ער ליגט, ווו זיין נשמה עס שוועבט. א בענטשונג זאָל הויכן פון קבר פון זיינעם, און שוועבן זיין שווערד זאָל פאַר הערצער פאַר יונגע.

שלענגלט א שטעג זיך ארויף און ארויף, א שטייני־קער שטעג. און וואָס א טראָט, הויבן זיך קעפ צום ארויף, און וואָס א שפאַן, עלטער עס ווערן די אויגן די שווארצע, די בלויע, די גרויע, די שטרענג צע־כמארעטע יונגישע אויגן.

— איר הערט? איר הערט? — פרעגן און ענטפערן הערצער צעפלאַמטע. — פוסטרוט מיר שפאַנען נאָך זי, וואָס צו בר כוכבאן עס שפאַנען צו זיין פאָלקיש ארמיי, אויף זיין רוף:

— ברידער, צום אויפשטאַנד! צום געראַנגל, מיין פאָלק!. און עס ענטפערן הערצער די יונגע:

— בר כוכבא! מיר גייען צו דיר און מיט דיר!

און אויף די הויכן: צעעפנטע מיילער פון היילן און גריבער. און דאָ ערגעץ רוט ער אין זיין הייליקער רו, און זיין גייסט שוועבט פונדאַנען צום לאַנד, און עס רופט ווי אמאָל נאָך:

— פאַר מיין לאַנד, פאַר מיין פאָלק זאָל מיר די שווערד די געקלעמטע פון מיין דלאָניע ניט פאַלן ביז מיין טויט־הויך דעם לעצטן!

זאָגן נאָך יונגע הערצער בר כוכבאָן. און עס ביַילן
און קלעמען זיך דלאָניעס, און אויגן פון יונגען צע־
בליצן זיך שטורמיש פון יונגן געוויטער,
וואָס איז געווען אין די טעג.

## אינהאלט: